כ׳קאָן ניט װעגן — כ׳קאָן נאָר װאַגן׳
ניט שניידן —
נאָר זייען און אנטלויפן;
כ׳קאָן דעם האַלבן־טאָג ניט ליידן׳
א מאָרגן־רויט — אָן אָװנט־גלוט·
אַזוי זאָל זיין מיין טאָג·

פון קאַרל ליבקנעכטס א פריערדיקן בריװ

# קארל ליבקנעכט
# בריוו

214

בריוו פון פראנט און פון תפיסה
פאר און נאך דעם פסק־דין

איבערזעצונג און נאכוואָרט פון

**א. ווילענטשוק**

1921

וועלט־פארלאג / בערלין

דער שונא מעג באוויינען זיינע מתים:
זיי ליגן טויט און וועלן שוין ניט אויפשטיין;
אונזערע ברידער דארפט איר ניט באקלאגן:
ווייל זיי שוועבן איבער די גלגלים.

געטע, מעריב־מזרחדיקער דיוואן „בארעכטיקטע מענער“

11· 4· 15·

טייערע מיינע!

אונטער־דער־צייט איז פון דיר אנגעקומען פארשיידנס; ברִיוו, צייטונגען און פּאקעטן — די ציגארן נאך ניט. איך ווארט אף זיי, און וואלט דיר געווען זעער דאנקבאר. אלץ האט שטארק אויסגענומען, דער עיקר דאס טרייבל זשעלע. כ׳בעט דיך אבער: חוץ ציגארן פון מיטעלער שטארקייט, זאלסטו מיר קיין זאך ניט שיקן, — דאס געלט באדארפסט איר אליין נויטיק. איך וועל זיך שוין באגיין. און ווען דו שיקסט מיר אין א וואך ארום נאך 30 מארק, בין איך שוין אינגאנצן פארזארגט ביז צו יענער צייט, ווען מען וועט מיך אפּלאזן צו דער סעסיע פון רייכסטאג, און שוין אריינגערעכנט די נסיעה. פון סילוויען איז געווען א קארטל. אז דיין מוטערס ציגארן זיינען מיר אנגעקומען, האב איך שוין געשריבן.

דא איז אלץ, ווי געווען. דאגה ניט. וואס איך שרייב ניט קיין פּרטים, זיינען שולדיק די אויסוויינִיקסטע אומשטענדן. א פּאר טעג האב איך גאר ניט געשריבן, געווען שטארק פארמאטערט — און עס איז טאקע ניט געווען, וואס צו שרייבן. דער ניט רעגלמעסיקער פארקער שוואכט עפּעס אפּ דעם ווילן צו שרייבן. איך פארשטיי ניט, ווי אזוי דו קאנסט זיך אויפרעגן פון דעם שווינדל־אינטערוויו; אגבֿ, האט מען אים שוין אונטער־דער־צייט אפּגעלייקנט. דו וועסט קיינמאל נישט האבן קיין רו, כל זמן דו ביזט מיין פרוי, אויב דו וועסט זיך ניט געוואוינען אויסצולאכן פון אלע פערזענליכע אנפאלן און וועסט זיך ניט מאכן פאר א כלל דאנטע׳ס: segu 'il tuo corso e lasce dir' le geute.* דערפאר פייף אף דער חברותא און טרייסט זיך דערמיט, וואס דו ביסט גערעכט און וואס דו האסט שוין ממילא אף דיין צד אלע מענטשען, מיט וועמען ס׳איז כדאי זיך צו רעכענען . . .

---

* גיי זיך דיין וועג — זאלן די לייט רעדן.

איר זייט· הייסט עס· געווען אף לאָהענגרין· די קינדער האבען עפּעס פארשטאנען? יא· העלמי איז דאך שוין 14 יאר אלט·

דער וועטער איז גאר· ווי ס׳פּאסט זיך פאר אפּריל· מיר האבן אבער געזונטע שטיוול און ווארעמע מאנטלען· די יעניקע· וואס ליגן אפ׳ן פראנט איז נעבאך ערגער ווי אונז· דעם ארטילערישען געראנגל· וואס איז די לעצטע צייט געווען גאנץ הארט· האבן מיר טיילווייז געקאנט גאנץ גוט זען· גערים אלע גוטע פריינט· דיין מוטער וועל איך נאך שרייבן· א סך קושן דיר און די קינדר

דיין קארל·

דערביי א פּאר פּיאלקעס —

א פראָנט־קארטל דעם ·25· 4· 1915

טייער באָבעלע!

דער בריוו דיינער איז געווען בְּרָיֶה׳ש; איך דאנק דיר· זיין אינהאלט האט מיך זעער דערפרייט· שרייב באלד נאכאמאל· און זיי א מענטש· מיר האבען דא געכאפּט א בוים־מארדער· היינט איז געווען א פוקס־געיעג· אבער פּיקסל האט אנגעפייפט דעם יעגער מיט דעם הונט· וואס האט זיך נעבאך געמוזט באגנוגענען מיט א פּאר מייזלעך·

הארמאטן־געקנאל· קוילנווארפערס און פליערס· פליערס· —
איך קוש דיך און אייך אלעמען

דיין פּאַפּאַ·

א קארטל 28· 4· 15

מיין העלמי!

איך דאנק דיר פאר דיין גענוי קארטל; שוין באמת צייט געווען· »איר« — בנוגע צו אזא קליי׳ן בחורל ווי דו· איז טאקי מאדנע· און אז דער לערער אירצט דיך נאך ניט· דארף עס טאקע זיין אזוי· דאס לערנען אין שול ווערט איצט באמת שטארק אינטערעסאנט· דאס· וואס איר לייענט דארטן איצט· געהערט שוין צו דער אמתער וויסנ־שאפט· און אויב דו ווילסט זיך שאפן א געהעריקע צוקונפט מיט

א טיפער און ברייטער אלגעמיינער בילדונג. פארליר ניט אט די צייט, איך האב גארניט קעגן שפאס און שטיפעריי, אויב זיי זיינען ניט מער, ווי א פארוויילונג פון אויבן־אויף; דו האלסט איצט בא די יארן, ווען מען נעמט זיך שפילן אין סטודענטלעך, — לאז אבער צוליב דעם קיינמאל ניט ליידן דאס ערנסטע און דאס וויכטיקע. באטראכט זיך, ווי גליקליך דו ביזט לגבי מיליאנען אנדערע קינדער, וואס קאנען ניט געניסן פון אט דער גאנצער פראכט, נאר צוליב דעם דלות פון זייערע עלטערן און וואס זייערע פעאיקייטן ווערן צונישט און גייען אונטער. לער־נען, לערנען, און נאכאמאל לערנען! באנעמסטו עס ניט איצטער, וועסטו עס שפעטער אוודאי פארשטיין, דאס »איינשלאפן« בשעת מען לערנט איז מיאוס; און א קנאפע העלדישקייט, גיט גוט אכט, קונדסימלעך; זאלסט ווייטער צייכנען און זינגען! — דא איז פריילינג, די נאכטיגאלן זינגען, סאָניען האב איך געשריבן וועגן אונזערע מציאות. איך קוש דיך, מיין יינגל, און אייך אלעמען

דיין פּאַפּאַ.

5. 7. 15.

סאָניטשקע טייערע!

איצט ווייס איך גארניט, וואו עס וועט דיך טרעפן אט דער בריוו. אויב אלץ וועט נאר גיין כשורה, דארפסטו פארלאזן, מארגן די קליניק. אבער, כדי תיכף אוועקצופארן, ווער ווייס וואוהין, אפשר קיין שוועדן — צו דיין מאמען און מירע׳ן. אזוי מוז עס זיין, אן שום טענות, אף קיין זאך ניט גע־קוקט און כ׳האף, אז דו וועסט דארט קרעפטיקן דיינע נערוון — כדי צו קא־נען טראגען די שווערע משא, וואס ליגט אף דיר, זאלסט קאנען איינגעמען דאס לעבן, וואס דו קוקסט נאך אלץ אן, ווי א 17 יאריק מיידל, פארבענקט און אפהענטיק. איך לייג צו איין בריוו צו דיין מאמען און איינעם צו מירע׳ן; שיק עס אפ. דיין טאטעס טויט האט מיך זייער שטארק אנגעריירט. איך האב צו אים געהאט א טיף פערזענליכע און אינע־וויינקסטע באציאונג.

איך שרייב האלב־אין־דער־פינצטער, דער אוונט איז זייער לופטיק. פון ברעג קומען צופליען טיפישע ים־ווּאלקנס. כ׳האב נאך אלץ קיין

ווארט ניט פון אייך, — פון דיר. ס׳איז מיר ניט לייכט דאס אריבערצו־טראגן נאך לענגער. איך טראכט אזוי פיל וועגן דיר, — כאטש אלץ איז דא ווי אנגעמאסטן, צו פארמיאוסן און צו פאריאגן בא איטליכן דאס פילן און דאס טראכטן. איך האף, אז בא אייך איז אזוי, ווי אין אזוינע טעג קאן זיין. די קווארטיר האבן מיר נאך ניט איבערגעביטן. כ׳וואלט דיר געוועלט א סך דערציילן, כ׳וואלט געוועלט, דו זאלסט זיין לעבן מיר — אונטער אן אנדערן הימעל, געוויינטליך. כ׳לייען Vanity Fair*; דא איז נאר פאראן דער ערשטער באנד. כ׳בעט דיך, שיק מיר צו די צוויי ווייטערדיקע: האלט זיי גרייט, אויב דו קאנסט. אפשיקן ערשט, ווען דו וועסט האבן מיין שטענדיקן אדרעס. איך טראכט וועגן דיר, טייערסטע. ס׳פארדריסט מיך אף אזוי פיל זאכן

איך קוש דיך

דיין קאַרלושאַ.

7. 7. 15.

מיין טייער העלמעלע!

נעכטן איז געווארן א וואך זינט איך בין אוועקגעפארן. עס איז געווען א נסיעה מיט נסים. דורך קיסטרין — אין דער לענג און אין דער ברייט, באגלייט פון אן אונטעראפיצער, וואס האט געזאלט אפהיטן מיין אָפפאר. פון דער קאַזאַרמע האט מען מיך זעער גיך אוועקגעשיקט, ווייל די סאָלדאטן פלעגן זיך צו פיל צונויפקלייבן ארום מיר — מיט פראָוויאנט אף פיר טעג און 3·30 מארק שכירות פאר 10 טעג. דער פראָוויאנט — גוואלטיק — כ׳וואלט געמוזט נעמען א טרעגער, ווען כ׳וואלט ניט גלייך פארטיילט זיבן אכטל צווישן די קאמעראַדן.

דעם 30סטן בין איך געווען אין מעמעל, וואו כ׳האָב געמוזט ווארטן אַף געלט, ווייל קריגן געלט אהער איז כמעט ניט מיגליך, און עס געדויערט אפשר 2—3 וואכן. אין מעמעל האב איך געפונען גוטע פריינט — געוואוינט אפילו בא א געגאסע [וואָלף] — און א סך מאל ארויס מיט זיי שפאצירען אף דער קורישער נערונג און קיין שווארץ־אָרט. די אנטרונענע פון מעמעל — פון דער צייט פון דער

* „הבלים־יריד“ פון דיקענס.

רוסישער אקופּאציע — זיינען דא אפּ׳ן מיאוסטן אופן עקספּלואטירט געוואָרן פון די באַלעבאַטים פון די האָטעלן — ים־בעדער — קאַלט· אבער א חיות; דאָס פאָרן אפּ׳ן ים איז שיין, ווי אפּ׳ן האָוועל. פון דער רוסישער אקופּאַציע אין מעמעל זיינען קיין שום סמנים ניטא, חוץ צעבראָכענע שויבן. דער אָרום, זאָגט מען, זעט אויס ערגער. איך האָב לחלוטין גאָר ניט געמערקט! גראָבעוועט האָט מען, אבער דער עיקר שפּייז, קליידער — און דאָס איז על פּי דעם דייטשן מיליטערישן שטראָף־געזעצבוך ניט קיין רויבעריי. עטליכע ציוויל־לייט זיינען אפּנים דערשאָסן געוואָרן. באַ וואָס פאַר אומשטענדן, איז פאַר מיר א גרויסער ספק; אפשר באַם גראַנגל אף די גאַסן. צו די עדות פון דער באַ־פעלקערונג, וואָס איז געוויינטליך שטאַרק צעשראָקן — א גרויסער רחמנות אַף זיי — דאַרף מען זיך באַציען מיט גרויס פאָרזיכטיקייט. אפּ׳ן גאַס האָט מען מיר תיכף דערציילט בבא־מעשות וועגן רציחות און וועגן אָפּגעהאַקטע הענט־און־פיס; אז איך האָב אויסגעדריקט מיין צווייפל, האָט מען מיר אָפּגעענפערט: די רעגירונג לייקנט דאָס אַלץ אָפּ, כדי אָפּצושוואַכן די מורא פון דער באַפעלקערונג.

די נאַכט פון ערשטן אפּ׳ן צווייטן, אָדער דעם צווייטן האָט א רוסיש אָדער אן ענגליש טונק־שיף טאָרפּעדירט א דייטש האַנדל־שיף אפּ׳ן וועג פון ליבוי קיין מעמעל. דעם צווייטן איז אַפּנים צוליב דעם ניט געפאָרען קיין טראַנספּאָרט־שיף פון מעמעל קיין ליבוי; ערשט דעם דריטן האָט געזאָלט גיין א דאַמפער אונטער דעם שוץ פון א באַוואָפנטן באַגלייט־שיף — ניט גרעסער פון די, מיט וועלכע מען פאָרט אריבער דעם וואַנזעע! דאָס איז געווען דער בוקסירער »פוק«, אויסגעריכט מיט עטליכע רעוואָלווער־האַרמאַטן. צום סוף האָט מען דאָס טראַנספּאָרט־שיף ווידער פאַרהאַלטן — נאָר »פוק« איז אוועק; מען האָט מיר ערלויבט צו פאָרן מיט אים. די נסיעה איז געווען, געוויינטליך, ניט באַקוועם — ניט געווען אפילו וואו זיך צו זעצן; קיין באָרט ניט, אזוי אז מען האָט געדאַרפט אַכט געבן ניט אַראָפּצופליען אין ים; אבער ס׳איז געווען א פרישער ווינט, א באַוועגטער ים, לבנה־שיין און א ראָזער זון־אויפגאַנג, — אזוי אז ניט קור־קנדיק אַף די שמוץ־און ים־קראַנקייט פון א פאַר מענטשן, וואָס זיינען מיטגע־פאָרן, האָב איך אויסגעצייכנט פאַרבראַכט די נאַכט. מחמת דער סכנה פון מינעס מוז מען מאַכן א גרויסן אומוועג; די רוסן האָבן אויסגעלעגט פאַר

ליבוי א מורא׳דיק פעלד פון מינעס׳ א דייטש לאַצמאַן־שיף ליגט אין סאמען קריטישן אויסגאנגספונקט׳ מיר זיינען געפארן אָן לאָץ־לייט און אדורך בשלום׳ אפ׳ן ים פונוויטן זעט מען שוין ליבוי מיט אירע טורעמס׳ דער פּאָרט איז גרויסארטיק — גוואלטיק און אויס־געשפרייט פאר די אויגן׳ ווי איך האב עס אין ערגעץ ניט געזען׳ דער אריינפאר איז נאך פארשטעלט דורך דערטרונקענע שיפן׳ וואס מען האלט איצט אין אויפרייסן׳ צוויי טונקערס זיינען שוין דערביי אומ־געקומען ; דער דריטער איז געפארן מיט מיר קיין ליבוי אף »פוק׳ן«׳ ליבוי איז ריין — ניט אינטערעסאנט׳

קיין גראָבין—בין איך אן ערך צוועלף קילאמעטער געפארן מיט דריי ארטילעריסטן אף א געדונגענעם וואגן ; געוויינטליך׳ א משא־וואגן ; די פיס הענגען אראפ ; קוים מיט צרות דארטן ארויסגעפונען די הויפט־קווארטיר פון באַטאַליאָן — זיך פארגעשטעלט דעם קאָמאנדיר׳ ראָט־מיסטער זימאָן׳ און דעם אדיוטאנט — געהאלפן לעשן א וואלד־שרפה׳ זיך געלאזן מיט פוראַזש־וואגנס קיין אייסטערן־קרוג צו דער הויפט־קווארטיר פון ראָטע ; ארום 10 אזייגער אינאוונט ווייטער פער אָקס אף צרה׳דיקע ווֶעגן׳ נאך א 16 קילאמעטער — צום פאלווארק וואַרוועַן לעבן דורבען — אין די קווארטיר פון דער פערטער קאַפראַלשאפט׳ די קאַמעראַדן — כסדר בערלינער און דאס רוב געגאָסן׳ די קווארטיר: א שייער׳ פארשליסט זיך גוט׳ אָן פענצטער׳ אלע האבן שטרוי־זעק ; די מאנטלען — פאר קישנס׳ א קאלדרע — געוויינטליך׳ אף דער ערד׳ א סך לייז׳ ווייניק וואסער און זעער שלעכטס׳ די סאלדאטן זענען פריינטליך׳ דער אונטער־אפיצער איז א גוטער׳ די סאַניטאַריע איז צרה׳דיק׳ א קאפיטל פאר זיך׳ היינט האט מען אונז אריינגעשפריצט קעגן כאָלערע׳ — בשעת אין לאָטרינגען ווערט דער שפריץ בא יעדער אריינשפריצונג פון־דאס־ניי סטעריליזירט׳ שטעכט מען דא — ניט געריינעקטערהייט — מיט דעמזעלביקן שפריץ — דריי נאכאנאנד — איך דער לעצטער — די מיאוסטע קראנקייטן קאנען אזוי איבערגעטראגן ווערן׳ א סך פון אונזערע מענטשען זיינען דא זעער קראנק׳

די באפעלקערונג איז כמעט אינגאנצן א לעטישע — מען זעט דא ווייניק ציוויל־לייט — אומעטום פול מיט דייטשע סאלדאטן׳ די נאטור איז ווי אין מזרח־פרייסן : א לייכט און ברייט געכוואליעטע געגנט דורכגעמישט מיט קליינע וועלדלעך׳ דאס רוב אף די בערגלעך — ניט



קארל ליבקנעכט אפ׳ן פראנט אין אן ארבעט־באטאליאן (1915)

העכער פון 30 ביז 100 מעטער; צווישען די בוימער וואקסען פאמעלאך ארויס די קליינע דערפלעך און די צעזייטע פאלווארקעס· א באזונדערער מין בוימער—קנארפלדיק און קרום געוואקסן מיט א ביסל א העלן און דיקן שטאם·—ניט שטארק הויך; די בלעטער· ווי בא ווערבעס — וואס קאן דאס זיין? סאָניע דארף עס וויסן — זי איז שוין מסתמא אוועקגעפארן· — ווא־ניט־וואו אזיערעס; איינע זעען מיר פון אונזער פאלווארק· אונטן· ווי א שמאלן זילבער־פאס· וויַיט· בא א מהלך פון א שעה· פארנאכט איז א געדיכטער· ווייסער נעפל אין די אפהאנגען· סמנים פון דער מלחמה זיינען דא ווייניק: די אויפגעריסענע פאָרטן פון ליבוי· אפ׳ן וועג א האלב־באגראבען פערד· וואס האלט אין פוילען; א פאר קברים· מיר ארבעטן בא דער באפעסטיקונג· ווייט הינטער דעם פראנט· אפילו דעם הארמאטן־דונער הערט מען ניט· ווען־ניט־ווען באווייזט זיך א דייטשער עראָפלאן· דאס עסן איז דערווייל גוט און לרוב — דער וועטער איז גוט — איך ארבעט· ווי אלע· קיין בריוו־צענזור איז דא ניטא — אף וויפיל איך זע·

דאס איז אלץ וועגען מיר· גיב דעם בריוו דורכלייענען באבי׳ן און ווערע׳ן אויך — געוויינטליך· קודם כל סאָניע׳ן· אויב זי איז נאך דא — ס׳איז געשריבן פאר אייך אלעמען· שרייבט גיך און ווי געהעריק· שוין צען טעג· ווי איך הער גארנישט פון אייך — דאס איז טרויעריק·

זייט וואוילע און גוטע·

איך קוש אייך אלעמען א סך — א סך מאל

2/1

אייער פאַפאַ·

9· 7· 15·

טייערסטע!

איך זיץ און כ׳פריער אפ׳ן הויף· שטיקלעך וואלקנס יאגן איבער מיר· די אונט־רויט קליגגט אראפ פארטויבט צום ים דורך די צפון־מערבדיקע בערגלעך; די קאַמעראַדן — כסדר בערלינער — שרייבן· שפילן אף מויל־הארמאניקעס· א טייל כאפט דערביי א טענצל און לאכט — פון דער רעכטער זייט· לעבן מיר—דער אריינגאנג צום שייער· וואו מיר וואוינען — 50 מאן· דורכ׳ן אפענעם טויער זיינען צו זען עטליכע קאַמעראדן וואס זיינען שוין געגאנגען שלאפן: אין א רעמבראנדט—אדער

דו — באלייכטונג פון זייערע ליכט· די פויגלען — די שוואלבן אויך — זיינען נעלם געווארן — [בכלל שוויבלט און גריבלט ממש פון זיי· און קאַנאָפּלע־פייגלען· בוק־פינקן· גראז־מוקן· טרייסל־עקן מיט שווארצע ברוסטן· און רויטהעלדזלעך* קומען צו אונז צו גאסט און גיבן אונז אפּ פון די פּיראמידן אראפּ א פריינדליכן ברוך־הבא·] פאַר מיר איז א פולע קאַן קאווע און Vanity Faire ** [וואס איך שלינג מיט גרויס הנאה] — אט האסטו פאר זיך מיין איצטיקן ארום·

· · · פונדערהיים איז נאך אלץ ניטא קיין שום ידיעה — שוין 10 טעג אוועק· איך האף· אז נעכטן ביסטו ארויס פון קליניק· און טאקע אינגאנצן אויסגעהיילט· אבער נאך ניט געזונט — דאס מוז מען דערגרייכן דורך דעם »אורלויב«· וואס דו דארפסט זיך נעמען; דער בריוו וועט מסתמא קומען· ווען דו וועסט שוין זיין אוועקגעפארן — ווייל אויב ס׳איז ווי־ניט־איז מיגליך· דארפסטו דאך· דעם 9־טן אויגוסט· ווען איך וועל קומען· שוין זיין צוריק אין בערלין· פאס זיך אויף· ווי ס׳באדארף צו זיין· דאס קודם כל· מיר ווילט זיך שטארק וויסן· צי די קינדער· דאס הייסט די יינגלעך· זיינען אין אָבער־וויזענטאַל·

· · · אט בין איך אויך אין רוסלאנד· אָן דיר! אבער בא וואס פאר אימה׳דיקע אומשטענדן· כ׳קאן דיר ניט אפּמאלען מיין מאָראלישן צושטאנד· א געצייג אָן ווילן בא א מאכט· וואס כ׳האב פיינט תכלית־שנאה! פאר ווענמעס אינטערעסן! אבער — קלעקט · · · וועגן דעם רעזולטאט פון דער זיצונג פון דער פארטיי־קאמיסיע האב איך דא ניט לאנג געלייענט אין »מעמעלער דאמפּבאָאָט«· די איינציקע צייטונג· וואס מען קריגט דא נאך גאנץ גיך· דער »פאָרווערטס« דארף ווייטער ארויסגיין; מיט וואס פאר א תנאי? ווי איז אוועק ווייטער אונזער אקציע קעגן דעם P. V. *** און פראקצ־פארשט·**** איך ווארט מיט אומגעדולד אף פרטים און אף גאר די לעצטע נייס· דו האסט נייס פון דיינע? גיב מיר צו וויסן וועגן אלץ גיך און גענוי· מיר גייען

* трясогузка, Bachstelze; Gras-Mücke; зяблик; Hänfling, коноплянка малиновка — Rotkehlchen.

** זע דעם בריוו פון 5· 7· 15·

*** Partei-Vorstand· צענטר־קאמיטעט·

**** ביורא פון פארטיי־פראקציע אין רייכסטאג·

באלד׳ מסתמא׳ פון דאנען׳ אוועק — וואוהין׳ איז ניט באשטימט· מען שפיאנעוועט דא׳ געוויינטליך׳ היינט׳ ווי אלעמאל· Habeaut sibi;* א סך ארבעט· איך בין נישקשה פארמאטערט· זונטאג ארבעט מען פונקט ווי אין מיטן־וואך·

· · · · · אל׳ דאָס׳ אל׳ דאס גוטס׳ איך קוש דיך א סך מאל

דיין קארלושאַ·

10· 7· 15

מיין טייער באָבעלע!

דיין בריוו איז געווען אזא פיינער׳ איך האב זיך געוואלטיק געפרייט· מער ניט׳ מיט דעם רויכערן און באדן זיך איז פארט קשה׳דיק· רויכערן איז ניט פאר אייך׳ קליינוואַרג, און מיטן באדן זיך דארף מען זיין אפגעהיט — געדענק נאר וואַנזעע! און די סך אומגליקן אף אנדערע אזיערעס· עס פארדריסט מיך אזוי׳ וואס איר האט ניט געקאנט פארן — אבער דאס יאר איז א יוצא מן הכלל· און איר מוזט אים »דורכהאלטן«׳ און איר ווילט דאס· און איר וועט זיין לייטיש׳ און וואויל׳ און לוסטיק און לעבעדיק· דא איז קאלט און עס כאפט רעגענען· כ׳האב שוין געשריבן׳ אז כ׳האב געזען שימעריר־מאנטעלעך גאפל־ווערעמלעך׳ לבנה־פייגעלעך׳ ברוינע בערעלעך** און א סך בושלען׳ דער אדרעס פון ווי פאַראַדיז פעלט מיר אויס· שרייב אים אן א פאר שורות· איך האף׳ אז איר זייט אלע געזונט· ווען איך און צי וועל איך בכלל קומען׳ איז נאך אין גאנצן ניט באשטימט· א סך׳ א סך קושן

פאַפאַ·

23· 7· 15

ליבע סאָניע!

דיינעביידע בריוו זיינען אנגעקומען· דער טאבאק׳ די פראָנט־קארטלעך און די באנדאזשן אויך· א גרויסן דאנק· איצט דארף איך שוין

---

* לאזן זיי זיך·

** Schillerfalter; Gabelschwanzraupen; Mondvogel; Braune Bären·
מינים פון זומער פייגעלעך·

גאַרנישט ניט האָבן, אויב כ׳וועל זיך נאָר קאָנען אַרויספּעקלען דעם 28טן, כ׳פּיל זיך זעער צעבראָכן; דאָס וועט מסתּמא לאַנג ניט דויערן, די סאַניטאַריע וועל איך האָבן צו געדענקען; אַ לעבעדיקער וועל איך זיך שוין אָף די פאַרשווינען ניט פאַרלאָזן, געוויסנלאָזיגקייט — איז פאַר אַ סך זאַכן אַ צו שיין וואָרט. מיט מיר באַגייט מען זיך פאַרזיכטיק, מיט די סאָלדאַטן פאַרטראַג איך זיך, געוויינטליך, אויסגעצייכנט.

· · · דעם 15טן האָט זיך אונזער קוואַרטיר אַריבערגעקליבן פון וואַרווען קיין בעבען, און אינגיכן וועלן מיר מסתּמא מוזן גיין ווייטער — קיין האַזענפּאָט אָדער ערגעץ אַנדערש־וואו צו מזרח צו. פון די אומפלייט איז משוגע צו ווערן, פליגן, לייז, פליי, מייז מאַטערן מער פון אַלעמען.

די נאַטור איז פּרעכטיק אין איר אומענדליכקייט, קראַפט און אומשולדיקייט. אַל׳דאָס, אַל׳דאָס גוטס דיר און אייך אַלעמען

דיין קאַרל.

די פּאָסט גייט אַוועק, איך בין מורא׳דיק פאַרמאַטערט.

27. 7. 15.

טייערע סאָניטשקע!

מען לאָזט מיך נאָך אַלץ ניט אָפּ. גאַנץ מעגליך, אַז ס׳וועט זיך אויסלאָזן אַ טייך, פּונקט אַזוי ווי די וועגן דאָ איצט און אונזערע קונציק אויסגעבויטע בנינים. פון סילוויע׳ן האָב איך געקריגן אַ ידיעה, אַז אָנהייב אויגוסט קומט זי אָף עטליכע טעג קיין בערלין, כּדי פון דאָרט צו פאָרן קיין שוועדן. דו וועסט פאָרן מיט איר צוזאַמען אָדער אונטערקומען, פאַרשטייט זיך, איך וואָלט געווען גליקליך, ווען דו וואָלסט פאַרבלייבן מיט מיר, אין פאַל אויב מען וועט מיך אָפּלאָזן. אַ גרויסן דאַנק דיר פאַר דיינע בריוו. שוין דריי טעג ווידער, ניטאָ ניט די פּאָסט און ניט קיין צייטונגען. דאָ איז אַ פאַרשאַלטענער העק. די גרויסע אָפּעראַציעס הינדענבורגס ציען אונז אויך — געוויינטליך, שטאַרק אַריין. דער טאַבאַק איז אויסגעצייכנט — די גרויסע חזירייִ איז אָבער שווער צו דערטראָגן · · · ווען כ׳וואָלט אייך נאָר געקאָנט באַלד זען! — כ׳זיץ אין שטאַל — אונזער דירה — אָף אַ

קאסטן און כ׳שרייב אף א ברעט· די קאַמעראַדן ליגן ארום מיר אין די »בעטן« דער טייטש· אפ׳ן שטריי· דאס ליכטל האלט בא׳ם אויסגיין· ס׳איז האלב עלעף· מיר זיינען דורכגענעצט דורך־און־דורך· טויזענטער פליגן זומען ארום מיר און פייניקן מיך· ארום פיר אזייגער באנאכט פירט מען אוועק די פאָסט אין א טלומיקל דורך א שליח אין די »הויפט־קווארטיר« פון ראטע· קיין אייסטערן־קרוג· ס׳איז א גוס־רעגן· מיר דארפ׳ן באקומען ביקסן· מען וויל פון אונז ארויסמושטרעווען א באוואפנטן טייל — צו אל׳די שווארצע יארן!

אל׳דאס גוטס אייך אלעמען· א סך קושן

דיין קארל·

5· 8· 15

טייערע סאָניטשקע!

מען לאזט מיך נאך אלץ ניט אפ· און ס׳איז א ספק· צי וועל איך קאנען זיין אין בערלין צו דער סעסיע פון רייכסטאג· אפשר צו מיין געבורטסטאג? אלץ הענגט נאך אין דער־לופטן· וואלט איך כאטש לכל הפחות געקאנט זען דיך· ווער ווייס· וואס וועט זיין ווייטער? אפשר וואלסטו זיך געקאנט איינארדנען אזוי· אז דו זאלסט אף א פאר טעג קומען קיין בערלין· אויב מיר וואלט זיך דארט איינגעבן צו זיין· כ׳וועל ניט קאנען פארן פריי· שוין ניט גערעדט וועגן דעם· אז דער רייכסטטאג וועט בא מיר אפנעמען צייט·

· · · דא איז אלץ ווי געווען· איבערגעביטען די קווארטיר· א בושל אין נעסט און בינשטאקן און קוסטעס יאגדעס [פאראן צווישן זיי אויך שווארצע וויימפערלעך· וואס דו האסט אזוי האָלט] און א סאזשעלקע מיט פיש און א סך זאכן· וואס וואלטן געמאכט דעם זיין דא אידיליש· ווען מען וואלט דא· פארשטייט זיך· געווען בא אנדערע תנאים· פארנאכטליך בין איך דא היינט געלעגן אף א ברעג־פעלד; איבער מיין קאפּ האבן זיך געוויגט בליאונגען פון געלע קרייך־קרייטעכצער· דער הימעל איז געווען טיף־בלוי· באלויכטען פון זילבערנע זון־שטראלען· דיך וואלט אט דער נחת באוועלטיקט· ווי דעמאלט לעבן קרויט־גארטן אפ׳ן לובין־פעלד·

· · · דער וועטער איז געווען א שלעכטער· די וועגן קויטיק· פון דעם נאענטען ים פלעגן כסדר אנקומען מעטערעאָלאָגישע נייסן· אבער איצט שיינט די נאטור ווידער הערליך· און אט די אוונטן!

וואס פאר א תענוג וואלט עס געווען פאר די קינדער און ווי פיל וואלטן זיי דא געקאנט לערנען, נאר בא אזוינע תנאים, בעת עס לעבט אויף פונדאסניי די אייגענע יוגנט, הויבט מען אן קלאר צו פארשטיין, וואס עס פעלט אויס דעם היינטיקן גרויס־שטעטישן דור. עס שטייט אויף כסדר פאר מיינע אויגן באָרסדאָרף און אונזער צוזאמענגעוואקסען־זיי'ן מיט דער נאטור, וועלכע מיר האבן געזען ניט נאר בא'ם »גיין שפאצירען«, ניט נאר ווי »דאטשניקעס« — פונדערווייטנס, אומפערזענליך, ווי א פרעמדן אָביעקט תיכף, ווי איך דערוויס זיך, גיב איך צו וויסן, ווען איך קום. זע נאר, כ'בעט דיך, אז ס'זאל לכל הפחות זיין אימיצער אינדערהיים, וואס זאל קאנען, קריגן פון מיר די ידיעה, בשעת דו וועסט ניט זיין. איך וועל נאך בכל אופן אנשרייבן אליסע'ן. פון די קינדער זיינען אנגעקומען לאנגע בריוו, וועלכע זיינען פאר מיר געווען זעער וויכטיק. דיינע ציגארן האב איך געקריגן גראד אקארשט. א גרויסן דאנק. טויזנטער קושן דיר, מיין הארציקע, און די קינדער

דיין קאראָלוס.

14. 9. 15.

## טייערסטער באָבעלע!

ווער ווייס, ווען איך וועל אייך קאנען נאכאמאל שרייבן. אין גרויס איילעניש א פאר ווערטער—מיר האלטן אין גיין, — דורך בויסקע־באַרבערן קיין קערטשען, וואו ס'ליגט דער שטאב פון באטאליאן; אינגיכען פירט מען אים אריבער קיין פרידריך־שטאַדט. דערווייל איז מען נאך דארטן ניט שטארק באווארנט. אונזער ראָטע ליגט אין זוישינען — אן ערך 30 קילאמעטער נאך מזרח'דיקער. זי ארבעט בא דער דווינע, אפ'ן פראָנט, אונטער א געהעריקן פייער.

די הארמאטן פון ריגע דונערן גאר נישקשה — עראפלאנען זשומען ארום אונז, און מורא'דיקע מחנות קראָען פליען פארביי, דרייען זיך און פייפן ארום אונז — א מיאוסע חבריה — וואס האט דא שלל לרוב. כ'וואלט דיר גריליך דערציילט אסך זאכן — סיי דאס ערנסטע, סיי דאס טרויעריקע, וואס כ'האב געזען—ס'איז צו ווייניק צייט. טייערער באָבעלע, און איר אויך קינדערלעך, העלמעלע און

מויזי׳ געדענקט דאס נאכאמאל: זייט לייטיש און פלייסיק און שלאגט זיך העלדיש אדורך דורכ׳ן לעבן׳ ניט געוואקלט אף רעכטס און אף לינקס. רק פאראויס, צי ס׳איז אייך ניחא׳ צי ניט. געדענק נאר׳ וואס פאר א מורא׳דיקע צייט מיר לעבען איצט דורך. איינס איז נאר אצינד: שטייף זיין.

איך טראכט כסדר וועגן אייך: כ׳וואלט אייך וועלן שאפן די גליקליכסטע צוקונפט; כוח׳ קודם כל׳ און זון־ליכט׳ ווי פיל ס׳איז נאר פאראן.

איך האב אייך אזוי ליב׳ ווי א פאטער קאן נאר ליב האבן זיינע קינדער. איר דארפט דאס וויסן׳ איר טארט אין דעם ניט צווייפלען. העכערע כוחות רייסן מיך אלץ ארויס פון דער פאמיליע. פארלאזט זיך אף מיר און אף סאָניען׳ ווי אף זיך אליין; — אבער ניט צו שטארק אף זיך אליין׳ דער טייטש׳ איר זאלט ניט ווערן נאריש און איינגעגלויבט אין זיך. דאס וואלט געווען אן אומגליק. דוקא צו זיך מוז איטליכער צוגיין מיט דער שטארקסטער קריטיק׳ מיט דער שארפסטער מאס׳ אגיט — פאלט מען אראפ פון די שטאלצעס אין בלאטע אריין. ארבעטן׳ ארבעטן! נאר דאס באפרייט און באַ־פרידיקט. ארבעטן דארף מען מיט א גרונט׳ ניט ארומטאנצן פון אויבן־אויף. לערנען מיט התמדה אין דער שול און תמיד האבן פאר זיך׳ ווי א מוסטער׳ די בעסטע מענטשען׳ וואס האבן מער פון אלעמען אויפגעטון פאר דער מענטשהייט.

צופרידן זיין פון זיך און צו פיל האלטן פון זיך איז אן אומ־גליק און מאכט פאר א שוטה. דאס פארגעסט ניט. זיך פארלאזן אף זיך איז דער טייטש: זיך פארלאזן אף דעם׳ אז מען וועט ארבעטן׳ ווי א לייט׳ כל זמן די כוחות לאזן׳ און שטרעבען צום העכסטן.

איך האף׳ אז איר וועט ניט פארלירן אייער טאטן׳ איידער איר וועט קריגן פליגלען; אבער סאָניע און פעטער טהעָלע׳ ווילי׳ קורט און אליס׳ גערטרוד און פעטער אטא און מומע עטי און איזי און גוסטע אויך און א סך אנדערע׳ אויך סאָניעס מאמע און שוועסטער און ברידער זיינען תמיד מיט אייך. קיינמאל וועט מען אייך ניט פארלאזען׳ און אויב איר וועט זיין לייטיש און גוט און איר וועט ארבעטען׳ וועט איר זיך מאכן אייער לעבן אזוי׳ ווי איך ווינטש דאס אייך. — זייט דאנקבאר דער מומע אָליס׳ן און זייט צו איר גוט. גע־

ריסט אלעמען אין מיין נאמען. איך קוש אייך, מיינע ליבע בחורימ־לעך, א סך מאל.

. אייער פאַפאַ.

15 9. 15.

מיין ליבע סאָניע!

דיין בריוו פון 3 סעפטעמבער — דעם טאג, ווען איך בין אוועק געפארן פון בערלין — האב איך דא געקריגן היינט אינאווענט אין מיין קאַפּראַלשאפט; אהער בין איך סוף כל סוף אנגעקומען — כמעט נאך א צוועלף־שעה׳דיקער נסיעה מיט נסים... מיר ליגן לעבן דער דווינע, בא פרידריך־שטאַדט אין א שארף־ארויס־גערוקטן קלין; פון רעכטס און פון לינקס — רוסישע פאזיציעס. אונזער טייל איז שוין געווען אונטערן פייער פון דער ארטילעריע און פון פעכאטע אויך, מען האט אונז שוין געשיקט פארנעמען שיסגראבענס. פארוואונדעטע, פארפאלן־געגאנגענע — דערווייל נאך קיינער ניט געהרגעט. נעכטן באנאכט האט אונזער קאַפּראלשאַפט געמוזט פאר־לאזן איר קווארטיר צוליב דעם ארטילערישן פייער. בא׳ם אריבער־גיין האבן מיר געהאט די מיגליכקייט צו שליסן באקאנטשאפט מיט באמבעס פון ערעפּלאנען. מיר ליגן יעד׳ע רגע גרייט צום אליארם — מיר טארן זיך ניט אויסטון... פאר דער צייט, וואס איך בין ניט געווען, האט אונזער טייל געהאט אויסצושטיין גרויסע צרות. מארגן מארשיר איך אפ צוזאמען מיט אלעמען. ס׳איז איצט נאכט, ד. ה. א פערטל 10 — קיין שום באלייכטונג ניט — חוץ א ליכט, וואס איך האב גראד בא זיך — אין מיין שייער, וועלכער איז פארשטייט זיך, אָן פענצטער; א מוראד׳קע מחנה פליגן, זיי באדעקן ממש די ווענט און שטעכן מיאוס, ניט צו דערטראגן. די קאַמעראַדן שלאָפן לעבן מיר און הינטער מיר. די נעכט זיינען איצט לאנג, און ווערן אלץ לענגער, פינצטער — און אָן קיין שום באלייכטונג. דאס איז גאר א צרה. טאבאק, ציגארן איז גאר ניט צו קריגן, דאס איז ערגער ווי אלץ, אפ׳ן אָרט, וואו מען קלייבט צונויף די זאקרויב, האבן מיר נעכטן געקאנט אביסל קויפן: א טראפּן אף א הייסן שטיין. ליכט און רויכווארג איז וויכטיקער ווי אלץ. די פּאָסט פונקציאנירט

זעער פאמעלאך און ניט רעגלמעסיק· ברענגט מען זי א מאל אין א יובל פון א מהלך פון איבער 60 קילאמעטער — דאס דויערט תמיד פינף טעג· א סך פאלן פון דיזענטעריע און טיפוס — פארשטייט זיך — פון איין ראָטע אן ערך א פינפטל· [די ה׳ 100 מאן פון 500·] אין אונזער ראָטע האלט ביז איצט גאנץ גוט· אונזער ארבעט באשטייט אין האקן בוימער און וועלדער בא דער דווינע·

די הארמאטן־שיסעריי איז גראד אין דער רגע גאנץ שוואך· אין דעם פאלווארק· וואו מיר ליגן איצט· איז איבערגעבליבן — בשעת די איבעריקע זיינען זיך צעלאפן — אן אלטע פרוי· א קראנקע· — אלע זיינען זיך צעלאפן· די פאלווארקעס זיינען פוסט און וויסט די הינט היילן און טרייבן זיך צעווילדעוועט ארום מיט די קעץ· מחנות קראען — א וועלט — און דאכערס· — — — נעכטן אינדערפרי האט מען די אלטיטשקע געפונען א טויטע לעבן הויז· מען האט זי באגראבן בא׳ם וועג לעבן איר הויף· וואס איז דא צו זאגן — דער דלות איז אזוי מורא׳דיק· דער חורבן איז אזוי שרעקליך· אז די פען גייט ניט מער·

· · · · דעם דאזיקן בריוו קאן איך צוליב זיין אינהאלט ניט שיקן קיין שווייץ· סוף סעפּטעמבער וועסטו אפשר פאָרט זיין אין בערלין· כאטש איך האף ניט אף דעם· און טאקע אין דיינע אינטע־רעסן· וועגן א רעגעלמעסיקער קארעספאנדענץ קאן איצט קיין רייד ניט זיין· ווייל די תשובה דויערט אלעמאל פון 3 ביז 4 וואכן· אבער איטליכער קאן שרייבן אפט· ניט ווארטנדיק אף א תשובה· און דאס בעט איך דיך טאקע· איך קוש דיך

דיין קארל·

20· 9· 15·

טייערע !

· · · אינגיכן ווערט דריי יאר נאך אונזער חתונה· וואו דו וועסט זיין דעם טאג· הויב איך אפילו ניט אן צו וויסן· פון 3־טן סעפּטעמבער אן א לעבעדיקווארט ניט פון אייך אלעמען און קיין אויסקוק ניט אף להבא· ס׳איז א גרויסער ספק· צי דער בריוו וועט אנקומען אין בערלין ביז דעם 1־טן אקטאבער· די פּאָסט איז

דא משוגע — אזוי ווי אלץ, מיר ארבעטן אן קיין שום שוץ פאר זיך, אף׳ן סאמען פייער, וואו ס׳ליגן און לויערן די פראָנט־פּאָסטנס. דער רוסישער פראָנט איז נאך פון דער זייט דווינע, סיי באטאג, סיי באנאכט — א שיסערײַ און א געקנאל, און א געפייף, און א געקלאפּ, און א געבריל און א ווילד שיפּען גראנאטן און שראפּ־נעלן זיינען אונזערע כסדרדיקע פּארווײַלונגען; באנאכט זיינען מיר יעדע רגע גרייט צו גיין, אפשר וועלן מיר נאך מוזן ארײַן אין די שיסגראבנס, די „רידלערס״ האבן זיך — לויט הינדערבורגן — אזוי גוט ארויסגעוויזן, אז זיי וועלן אויך זוכה זיין דעם „כבוד״, כאטש קיינער פון אונז האט גאר ניט געדינט, און איז ניט געניט: אפילו דער אונטער־אפיצער, אונטער וועמעס איינציקער השגחה מיר שטייען, איז לחלוטין ניט געניט און דערצו נאך גאר א קנאפּער מאדים! ביז איצט זיינען נאך אין אונזער קאָפּראַלשאפט קיין קרבנות ניט געווען, הגם מיר האבן שוין איינמאל געמוזט אי־בערבייטן די קווארטיר מחמת הארמאטן־פייער, און די איצטיקע קוואר־טיר האט מען שוין אויך באשאסן אסך מאל. אין אנדערע קאָפּ־ראַלשאפטן פון דער זעלביקער ראָטע זיינען שוין פאראן א סך קרבנות. ערשט אייער־נעכטן איז געהרגעט געווארן פון א שראפּנעל אן אונטער־אפיצער — א טאטע פון זיבן קינדער — נעכטן האט זיך איינער דורכגעשאסן מיט א ביקס דעם פוס. אין אנדערע ראָטעס פון אונזער באטאליאן זיינען פאראן גאנץ גרויסע קרבנות.

דער שטייגער, ווי אזוי מען ניצט אונז אויס, איז לייכטזיניק און פארברעכעריש. איך בעט דיך, אויב ס׳וועט זיין נויטיק, גיב צו וויסן וועגן דעם האַאַזע׳ן * . און דערצו נאך האט דער גאנצער באטאליאן פון 2500 מאן איין איינציקן דאקטאר — און וואס פאר א דאקטאר. ! פאר 2500 מענטשען, וואס ליגן צעזייט און צעשפּרייט אין אלע העקן אף א שטח פון 2 ביז 3 טויזנט קווואדראט־קילאמעטער! דערצו נאך זיינען אין אונזער ראָטע וואס באשטייט פון 500 מאן, ס״ה פאראן צוויי סאניטאר־אונטעראפיצערן און וואס פאר׳א! אף 500 מאן, וואס זיינען צעשטרייט אפשר אף א שטח פון 100 קוואדראט קילאמעטער! און איצט, בשעת די סכנה צו ווערן פארוואונדעט איז גאנץ ערנסט, האט מען נאך איינעם פון די אונטעראפיצערן אפּגעקאמאנדירט צו א פוראַזש־טראנספּאָרט

* א סאצ. דעפּוטאט פון רייכסטאג; דעמאלט דער פירער פון ז׳ער אפּאזיציע אין דער סאציאליסטישער פראקציע.

און דערמיט פשוט באזייטיקט פון דער סאניטאר ־ ארבעט ! און דאס איז אפן פראָנט — ס׳איז א סקאנדאל ! די דערנערונג האט דא אויך געקאנט זיין א סך בעסער; מער ניט קארטאפל׳ און טאקע זעער גוטע׳ איז פאראן אף די פעלדער לרוב׳ טאבאק איז ניט צו קריגן — דאס לאזט זיך באזונדערס שפירן׳ ווייל טאבאק איז דא די איינ-ציקע זאך׳ וואס מאכט נאך לעבעדיק׳ ווייטער׳ הינטען׳ אין דעם עטאַפּ איז פאראן אלץ׳ וואס דו ווילסט: למשל 2 ציגארן און 2 פאפיראסן א טאג׳ דא באקומט מען איין מאל אין יובל א ציגאר׳ גאר אפט באצאלט מען דא 20 פעניג פאר א קלאגעדיקן פאפיראס! אחוצדעם׳ איז די גרעסטע צרה דער אבסאלוטער מאנגל אין באלייכטונג ! פון האלב 7 א זייגער אן איז פינצטער׳ מען באקומט ניט קיין ליכט און גארנישט ניט׳ מען דרייט זיך ארום׳ מען קאן ניט לייענען׳ ניט שרייבן; קריכט זיך איטליכער אריין אין „זיין בעט״ דער טייטש: אף זיינע שטרוי׳ און וויקלט זיך איין פון דער מיאוסער קעלט׳—אין זיין מאנטל און און א דינע קאלדרע׳ געוויינטליך׳ אין דעם ניט געהייצטן שטאל אדער אין שייער׳—גאנץ אפט נאס׳ ווי א הונט — און פריערט אפ די גאנצע נאכט׳ ווי א שניידער׳ מען דארף דא שוין האבן די ווינטער ־ זאכן׳ וואס כ׳האב בא מיין אוועקפארן׳ אין יוני׳ איבערגעלאזן אינדערהיים׳ איך בעט דיך׳ שיק צו די ווינטער ־ זאכען׳ און יעדע וואך כסדר פינף פעקלעך מיט׳ן סאמען ביליגן טאבאק און 20 ציגארן׳ [צו 6 פעניג] — גרויס און שווער — און יעדע וואך 5 ליכט׳ ניט צו גרויס׳ חוצדעם בעט איך דאס „טאגעבלאט״ עס האט זיך׳ אפנים׳ אפגעשטעלט׳ דער „פארווערטס״ איז איינמאל אנגעקומען · · · כ׳בין אבער אינגאנצן אראפ אן א זייט׳ כ׳האב אנגעהויבן וועגן טאג פון אונזער חתונה׳ און כ׳וויל דיר אנשרייבן א פאר גוטע און ערנסטע ווערטער׳ כ׳וויל דיר שרייבן אז כ׳האב דיך ליב׳ אז אונזער ביידענס עבר איז פאר מיר הייליק און אויב מען וועט נאר ארויסגיין לעבעדיק פון אט דער חזירײַ׳ האף איך׳ אז איך וועל ד י ר פארט העלפן — שאפן מער ווי ביז איצט א צוקונפט נאך דיין שטייגער נאך · · · לעב אדורך דעם טאג אין געדאנקען וועגן מיר׳ טייערע מיינע׳ געדענק פראַג׳ עגער׳ שאַנדוי׳ שלאַכטענזעע און האַמבורג׳ היידעלבערג און וואָרמס און נאך א סך זאכן׳ וועגן וואס איך קלער · · · · כ׳מוז פארענדיקן׳ כ׳פריער׳ ווי צוויי שניידערס׳ זיי געזונט׳ אל׳דאס גוטס — איך קוש דיך און די קינדער׳

דיין קארל׳

21· 9· 15·

טייערע קינדערלעך!

א ווילדער טאג איז דא היינט און זעער א שלעכטער אוונט· די רוסן האבן אומפארהאפט אנגעגריפן פון ר׳יגע· מיר פארנעמען איצט נייע פאזיציעס· — אין דער פאדערשטער ליניע· ס׳איז לופטיק· לעבען מיר קלאפט אימה׳דיק — דער גיהנום איז אף אונז אראפ·

א י ך  וו ע ל  נ י ט  ש י ס ן —

זייט געזונט· טייערע מיינע! איך קוש אייך אזוי שטארק· ווי שטארק איך האב אייך ליב· אין ניין וואכן ארום וועלן מיר זיך זען — אל׳דאס· אל׳דאס גוטס·

אייער פאפא·

22· 9· 15·

טייערע קינדערלעך!

די נאכט איז אריבער אָן אן אנגריף; אקארשט איז אנגעקומען א פארשטארקונג· די ארטילעריע טוט זיך איר ארבעט פון פרימארגן אן· אט די שעהן זיינען ניט צו פארגעסן און פאר מיר זיינען זיי מורא׳דיק — איך קאן דערביי שפירן דאס דערהויבענע העכסטענס ווי בא א שריפה· ווי בא אן ערד־ציטערניש· ווי בא׳ם געבריל פון א טיגער·

א מ ע נ ט ש ן צעשמעטערט דאס· אויב מען זאל נאר צוגיין צום מענטשן מיט א מאס· וואס בכלל האט ער אליין די העזה זיך צו מעסטן מיט איר·

די נאטור איז דא גרויס און ברייט און שטארק — א סטיכישע קראפט פארמאגט זי· קאלט· קאלט — זעט· ארויסצושיקן די ווינטערדיקע בגדים· שרייבט תיכף און אפט· כאטש א ביסל·

איך קוש אייך א סך מאל· מיינע קליינע חברה־לייט·

אייער פאפא·

23· 9· 15·

טייערסטע!

אף׳ן וועג קיין קערטשען — צום באטאליאן־דאקטאר —

אן אויגן־אנצינדונג פון א פרעמד־קערפער׳ וואס איז מיר א ריינ־געפאלן אין אויג בשעת דער ארבעט׳ א נארישקייט — און א גוטע געלעגענהייט כאטש אף א פאר טעג זיך ארויסצורייסן פון פראָנט. כ׳שרייב באנאכט׳ 3 א זייגער — אין א פארוואָרפענעם געהעפט׳ וואס זיינע באלעבאטים האבען אים׳ ווי געווייינטליך׳ פארלאזן אף גאטס באראט; כ׳האב דא געפונען מיט א פאר סאלדאטן א מקום־מנוחה. מען האט אנגעזאגט׳ אז פאַטרולן פון קאזאקן זיינען נאָענט! דארף מען זיין אף דער וואך׳ און איך האב עס גענומען אף זיך׳ כדי איך זאל כאטש איינמאל קאנען שרייבן און לייענען׳ ווי ס׳באדארף צו זיין — ס׳איז מיר גראד ארייננגעפאלן אין האנט א פעקל צייטונגען; די פאסט האב איך נאך נישט געקריגן.

דערווייל איז דא גאנץ שטיל; מיר זיינען׳ אמת׳ פון 4 ביז 5 קילאמעטער הינטער דעם פראָנט. די שווערע ארטילעריע איז ניט בא דער ארבעט. נעכטן באנאכט זיינען פארגעקומען זעער בלוטיקע געראנגלען אין דעם גרויסן וואלד בא דער דווינע. די קרבנות אפ׳ן צד פון די דייטשן זיינען היפש׳ טיילווייז זיינען זיי ארויסגערופן דורך דער דייטשער ארטילעריע׳ וואס שיסט צו נאענט. מען גרייט זיך דא׳ אפנים׳ צו גרויסע אפעראציעס — סיי די רוסן׳ סיי די דייטשן. די שטימונג בא די סאלדאטן פונ׳ם ארבעט־באטאליאן איז זעער אן אויפגערעגטע — אפילו אן אויפגעבראכטע; איך האב געטראפן א סך אלטע לאנדשטורמיסטן׳ באקאנטע; זייער מצב איז מיר געגאנגען צום הארצן. די חזירייי איז אלעמען גוט דערעסן.

גלייך די ערשטע טעג האבן זיך בא מיר באוויזן פארשיידענע אפיצערן — צווישען זיי צוויי פרינצן אויך׳ — כדי צו פירן מיט מיר דיסקוסיעס בא דעם דונער פון די הארמאטן; איך האב גערעדט גאנץ קלארע דבורים׳ און ס׳איז געווארן גאר פריילעך. כ׳האב זיי אין די אויגן געזאגט דעם גאנצן אמת׳ און זיי האבן מיר מודה געווען׳ אז דער אנגריף איז טאקע געווען מצד דייטשלאנד־עסטרייך; א שבח אף דער רציחה פון קראָנפרינץ אין סאראיעוואָ—זיי האלטן דאס פאר אן אמתע ברכה; זיי שעמען זיך ניט צו פארטיידיקן דעם אנעקסיאָניסטישן ציל׳ און איינער האט זיך מודה געווען׳ אז ער טוט שוין פאר דער מלחמה יארנווייז׳ און אז די מלחמה וועט נאך מוזען געדויערן פון א יאר ביז צוויי. כ׳וועל דיר

שרייבן וועגן דעם נאך גענויער — אויב ס׳וועט זיך לאזן...
... ס׳איז פינצטער ארום מיר, פון דערוויילטנס זינגט מען, ״די טויטע״ טארסטו ניט זיין פאר מיר, כ׳וויס, כ׳האב מורא דיך צו פארלירן, א שרעקליכע מורא. דער גאנצער עבר ווערט פאר מיר לעבעדיק, און כ׳וועל ווערן דערטרונקען אין אים, אויב דו וועסט מיך ניט צונעמען. איך האב דיך ליב און איך שטרעק אויס נאך דיר די הענט, גיב מיר דיין האנט, האב מיך ליב, העלף מיר, אָן דיר קאן איך גארנישט ניט.

דיין קארל.

אין מיר ווערט אלץ צעבראכן.

26. 9. 15.

מיין טייער יינגל!

איך האב פון אייך נאך אלץ א ווארט ניט; מיגליך, אז גראד היינט, וועט אנקומען די פּאָסט, כ׳שרייב אבער שוין איצט, עס לויפן אדורך אין קאפּ אזוי פיל זכרונות פון מיין יוגנט, זכרונות טאקע פון דיין עלטער, בשעת עס הויבן אן צו שפּראצן דער גייסט און די געפילן ... כ׳האב נאר וואס געבלעטערט פלעצ׳ן [געשיכטע] און געווארפן א בליק אף דעם פילפארביקן, הארבן עשירות פון דעם מענטשענס גורל; און בא אט דעם אלעמען האָבן פון יעדען זייטל אף מיר געווייט די שטימונגען, בא וועלכע כ׳האב עס אמאל גע־לייענט און איינגעזאפּט אין זיך מיט א פארחלומטער פאנטאזיע אויסגעטריקנטע בלומען מיט זייער לייכטן שכרות׳דיקן ריח!

אט די צייט פון ווערן זאלט איר אויך אדורכלעבן מיט איר גאנצן כשוף. דאס איז איצט דער באגער, וואס איך האב. איר וועט זיין א סך ארעמער אין די שפּעטערדיקע יארן, אויב איר וועט ווערן אפּגענארט אין דעם — און איר דארפט ניט ווערן אפּגענארט אין דעם.

דו ביסט שוין דערוואקסן, כדי צו קאנען שרייבן צו מיר, כדי צו אנטפלעקן פאר מיר דיין הארץ. און דאס דארפסטו טאקע טון, גארניט פאר־באהאלטנדיק, — טאקע דאס קלענסטע ניט פארבארגן! דו גייסט איצט אריין אין דעם איבערגאנגסעלטער פון קינד צו מאנצביל — אין דיין נשמה קומען אויף נייע באגערן, וואס קאנען לייכט פארפירט ווערן אף א קרומען וועג, אדער אליין פארבלאנדזשען ...

האב צוטרוי צו מיר און צו סאניע׳ן· האב פאר אונז קיין שום סודות ניט· טו ניט אזוינס· וואס דו זאלסט ניט קאנען פאר אונז מודה זיין· מיר פארשטייען אלץ — אלע קרומע וועגן פון מענטשנס הארץ האב איך אליין דורכגעוואנדערט· דורכגעגומען — אדורכגעקראכן· עס קאן זיך דיר ניט טרעפן אזא זאך· וואס איך זאל ניט קאנען פארשטיין — און ניט קאנען און ניט וועלן דיר מוחל זיין; אויב כ׳וועל נאר זען דיין פארלאנג זיך אויסצולייטערן· צו שטייגן ארויף — צו דער זון· צו דער פראכט פון דער וועלט· וואס האט קיין סוף ניט· הויך זאל אויפאטעמען דיין ברוסט· און כ׳וויל דיך זען· ווי דו וועסט ברייט אויסשפרייטן דיינע ארעמס צו איר· צו דער וועלט — דאס וויל איך זען· אף דעם ווארט איך· — עפן אויף דיין הארץ — זאל אין איר ארייננשטראמען אלץ און דיך באגליקן· און קודם· צוטרוי צו מיר· ליבשאפט צו אונז אלעמען און צום מענטשן· דעמאלט איז יעדע ארבעט לייכט; דעמאלט איז זי ניט קיין משא· נאר גליק און פרייד·

שרייב מיר· הארציק קינד מיינס· גיך· א סך· אזוי טאקע· ווי ס׳איז דיר אפ׳ן הארצן·

איך קוש דיך און אייך אלעמען· אלעמען· טויזנטער מאל

דיין פאפא·

4· 10· 15·

העלמי· מיין טייער ייִנגעלע !

אייער געגנוי קארטל האב איך געקריגן· — ווערע האט· לײדער ווידער ניט אונטערגעשריבן· דאס פריילן וויל אפנים ווארטן ביז איך וועל איר אנשרייבן א לאנגן בריוו· פארשטייט זיך· אז ער וועט· אויך זיין אינגיכן··

מיר ליגן נאך אפ׳ן פראָנט און וועלן דארט מסתמא בלייבן א לענגערע צייט· איבערמארגן גיי איך צוריק אין די קאפּ־ראַלשאפט; מיין אויג האט זיך שוין אן ערך אויסגעהיילט· כ׳וועל דא דעמאלט זיין כמעט 14 טעג ; און ווייטער· נאך אין 43 ביז 45 טעג ארום· די ה׳ אין 6 אדער 7 וואכן ארום — ווידער צו אייך! ביז דאן וועלן אנקומען שווערע צייטן· אויב כ׳וועל נאר ניט האבן

די זכיה אריין אין די שיסגראבנס — דאס איבעריקע, אלע סכנות איז גארנישט מיט גארנישט; נאר העלפן מארדן — דאס קאן איך ניט — דא איז א סוף.

א רחמנות איז דא אף דער באפעלקערונג; כמעט אלע זיינען זיך צעלויפן — די פאלווארקעס שטייען וויסט, פארשטייט זיך, אז מען האט אלץ צוגענומען און איבערגעלאזן הויל - נאקעט — די דייטשן, בא די, וואס זיינען געבליבן אף אן ארט, נעמט מען אויך צו כמעט אלץ. קיינער קימערט זיך ניט, אז ס'זאל בא זיי בלייבן כאטש דאס נוי־טיקסטע, און גאר אפט, ניט רעקווירירט מיט דעם געהעריקן פאפירל, נאר פשוט צוגענומען, געראבעוועט! היינט איז דא געקומען צו גיין א פרוי, בא וועלכער מען האט צוגענומען אף א נאכגעמאכטן שיין דעם לעצטן חזיר. די סאלדאטן לאכן זיך נאך אויס, ליידער, גאנץ אפט פון אזוינע אכזריות; זעלטן וועלן פארשטייען זיי דעם מצב פון דער באפעלקערונג. גניבה און גזילה זיינען טאקע א צווילינג פון רציחה — פונקט ווי רציחה — זיי זיינען כשרע קינדער פון דער מלחמה. כ'האב זיך שוין איצט א היפש ביסל אנגעזען.

א תהום פעלד־פרוכט גייט אומעטום לאיבוד אין דער ערד — אריינבערענגען אין שייער קלערט קיינער ניט; מען עסט עס אויף גלייך ווי מען נעמט עס ארויס פון דער ערד — דאס, וואס מען דארף גראד האבן אין דער רגע — און אן עק.

כ'האב דא געלייענט איירפיד'ס דריי זאכן: מעדעע, היפאָליט און איפיגעניע בא די טוריער — אויסגעצייכנטע ווערטער זיינען דא אין אלע דריי: איר לייענט שוין גריכישע טראגעדיעס? עסכילאָס אדער סאָפאָקלעס? איינגיכן וועסטו שוין האלטן דערביי. דו וועסט שוין דעמאלט מוזן, געוויינטליך, אין אונזערע ריכטער אויך זיין מער באהאווונט, ווי ביז איצט.

שרייבט תיכף און אפט און גאנץ גענוי —
איך קוש אייך טויזנטער מאל

דיין פאפא.

8· 10· 15·

טייערסטע !

אט זיינען איצט איבערלעבענישן ! נעכטן באטאג איז אין הויז לעבען אונז אריין א גראנאטע דורכן פענצטער — איינער איז געהרגעט· איינער שווער פארוואונדעט· היינט אינדערפרי א זייגער האלב 9 א סאלדאט פון אונזער קאָמפּאַלשאפט בא דער ארבעט — א שווערער שאס אין בויך — ער לעבט נאך· נעכטן באטאג האט געפלאצט א שראפּנעל פונקט איבער מיר· בשעת כ׳האב גערעדט מיט דעם לייטענאנט אפ׳ן הויף פון קווארטיר — צווישן אונז האט געטאַנצט א קויל· כ׳האב זיך עס געלאזן צום אנדענק· מיר ליגן אין א פאלווארק לעבן דעם וואלד בא דער דווינע; די דייטשע ארטילעריע· וואס איז ביז נעכטן געווען הארט לעבן אונז· האט איבערגעביטן די פּאזיציע מחמת מען האט זי כסדר באשאסן·

מיר ארבעטן „באנאכט״ ד· ה· האלב 5 א זייגער גייען מיר אוועק· א זייגער 5 דערגייען מיר ביז דעם אריינגאנג אין די דייטשע גראבענס; דורך זייער זיג־זאג לויפן מיר· פאלן· קריכן טאפּנדיק אינדערפינצטער דריי פירטל שעה — ביז דעם ארבעטס־ארט· ביז 1 א זייגער ארבעט מען דארטן· 2 א זייגער מארשירט מען אפ פון דעם אריינגאנג אין די פּאזיציעס· מען קומט צוריק א זייגער ·3 קאוועדערנאך אין „בעט״ געוויינטליך· אין א שטאל — קאלט ווי אייז — עטרוי· א מאנטל א קאלדרע· היינט איז געווען ביז 2 גראד פראסט·

· · · א ווינטערדיקע שטערן־נאכט· א בארוישנדיקע און פלאמענד־פייערליכע· כ׳זע פאר זיך דעם אויפגייענדיקן אָריאָן און מיין· אונזער סיריוס זע איך; איבער זיך דורך די הארבסטיקע צווייגן פון די קוסטעס און בוימער — דעם הימלשן יום־טוב־גלאנץ · · · זיך אריינגעגראבן אין דער ערד — אף א בית־עולם· אין דער ערד· ס׳קנאלט הארמאטן־שיסעריי — דא איינציקווייז· דא רייך אין צאל: פאר אונז און הינטער אונז פון יענער זייט דווינע ליגן די רוסן בא 80 ביז 150 מעטער; מיר־צווישן זיי אין א שארפן קלין· ווייט· האלב רעכט· פינקעלט אויף — ווי א וועטער־בליץ· דאס איז מען אונז אויסן· אין א צען־צוועלף סעקונדן ארום הערן מיר דעם שאס־געפייף· און נאהענט דאס אימה׳דיק שיפען פון דער צעווילדעוועטער חיה — „דעקונג״!· דער טייטש: זיך

דער געפּראל האָט — — אַריבער? נענטער, נענטער לעגן, לעבען אונז, איך הויב זיך אויף — א התראה — אַפּוואַרטן די גראַנאַטן־שפּליטערס, די ריכטונג: האָרט לעבן מיר פּאַלט עס אפ׳ן ראַנד פון גראַבן, א געזונטער, שווערער בחור — אַזוי ציט זיך עס ווייטער; צוויי מאָל פּאַלן שפּליטערס האָרט לעבן מיר — דאָס איז געווען בא׳ם גיין צו דעם אַרבעטסאָרט, וואוהין איך בין א זייגער האַלב צען נאָכגעגאַנגען מיט א פעלדפעבעל, נאָכדעם ווי איך האָב געהאָלפן צייכנען א פּלאַן דעם לייטענאַנט, וואָס קאָמאַנדירט איבער דעם סעקטאָר, מען האָט באַשאָסן דעם פּאָדערערשטן טייל פון דער פּאָזיציע — אויסגעצייכנט געצילט — וואָס מען מוז בכלל מודה זיין וועגן די רוסן, אף דעם אַרבעטס־אָרט זיינען מיר זיכערער, די גראַנאַטן פליען אַריבער ווייטער, אַזוי אַז פון שפּלי־טערס זיינען מיר באַוואָרנט, מיר אַרבעטן אָדער—ניט, ווי עס קומט אויס, אַרום אונז קברים און צלמים, איבער אונז שעפּטשענדיקע צווייגן און צווישן — דאָס געפּינקל, א קאַמעראַד לעבן מיר זינקט פּלוצלינג טיף איין: ס׳איז אונטער אים איינגעפאַלן א טרונע — ער טופּעט אפ׳ן בר־מינן — בלאַטע א ביסל — פאַרשאָטן די גרוב—און ווידער מיט די רידלען צווישן קברים און צלמים און מתים און דעם געקנאַל און דעם שיפּען און דעם קוילן־געפּייף . . . מוראדיקע בילדער, »Umschnallen!« א רוסישער אַנגריף איז מעגליך, ס׳פליען דייטשע לייכט־קוילן, מיר בויגן זיך איין, קלעטערן אַרויס פון אונזער גראַבן, וואָס ליגט אין ערך 30 — 40 מעטער פון לאַנגן פאַרטיקן הויפּט־גראַבן, פאַלנדיק קריכן מיר איבער די קברים דורך קוסטעס — קיינער ווייס ניט דעם וועג אָדער די ריכטונג צום גראַבן, מיינע פּענס־נע, פאַלן אַראָפּ אין גראָז, פאַר־טשעפּעט אין א צווייג, צופעליק טאַפּ איך זיי ווידער אָן, מיט א מאָל אַנט־דעקט אימיצער דעם גראַבן, מיר שפּרינגען אַריין, דער אונטער־אָפיצער איז אין כעס; איך אַמפּער זיך מיט אים, ניט שטאַרק בייז, ווייל ער איז פאַרט א וואוילער בחור, כאָטש ער איז שטאַרק באַגרענעצט און א גרויסער פחדן, איך גיב אים צו וויסן, אַז איך וועל ניט שיסן, ווען מען וואָלט עס אפילו באַפוילן, לאָז מען מיך דערשיסן, א טייל סאָלדאַטן האַלט מיט מיר, דער שמועס ווערט העכער, תיכף הויבט עס אָן צו פייפן פאַרביי די אויערן, די רוסן הערן אונז: זיי

הערן יעדן קלאפּ פון רידל· פון מיין ביקס בין איך דערווייל ווידער געוואָרן פריי· שפּרייז איך זיך׳ הייסט עס׳ אױף דער אַרבעט אָן געוויער· פיל איך זיך אַט אַזוי טיף־אינווייניק כמעט פריי· נעכטן אינדערפרי׳ נאָך אַ נאַכט גייסטיקער אַרבעט׳ האָט דאָס האַרץ כּמעט גע־שפּירט אַ יום־טוב · · · אַט דעם האַרבסט האָב איך געפילט און געזען און איבערגעלעבט׳ ווי אין די צייטן פון יוגנט׳ ווי שלום צייט׳ ווי אַ מאָל — מיט דיר· און כ׳שפּיר זיך נאָך אַזוי זיגעריש איבער אַלץ׳ וואָס עס איז איצט און וואָס קאָן נאָך זיין׳ ווי באַשרייבט מען עס! דאַנטע׳ן געלייענט און געאַרבעט — און אַט די אויסגעשטערנטע ווינטער־נאַכט אין האַרבסט· אַלע אויסווייניקסטע מניעות זייַנען שטותערײַ· איך לאַך פון זיי׳ מעג עס אַפילו דער גוף מייַנער ניט אויסהאַלטן·

מיט אַ פּאָר טעג צוריק פרעגט מיך נייגיריק אַ ראָטמיסטער׳ ווי עס געפעלט מיר די אַרבעט—כ׳האָב גראָד געטראָגן מיסט· די תשובה: ״יאָ׳ ווען ס׳וואָלט געווען שלום״· ער שלאָגט מיך איבער: ״געוויינטלעך׳ דאַן וואָלט איר ניט געטון אַזוינע אַרבעט״· איך: ״אדרבה׳ דאַן וואָלט איך עס געטון מיט גרויס חשק״· ער׳ פאַרחידושט: ״און איצט טוט איר עס אָן חשק?״ איך: ״בשעת מלחמה טו איך אַלץ אָן חשק׳ אַלץ׳ וואָס קאָן נאָר נוצן דער מלחמה·״ ער האָט זיך נאָך׳ אַפּנים׳ ביז הייַנטיקן טאָג ניט באַרואיקט· ס׳איז 3 אַ זייגער באַטאָג· אין פינף־פערטל שעה אַרום דאַרף מען גיין צו דער אַרבעט: פריער נאָך אָנשיילן קאַרטאָפל אויף מאָרגן; און אַרבעטן פאַר זיך — אָן אַרטיקל פאַר אַן ״אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליסטישן אינסטיטוט·״ שוין כמעט פאַרענדיקט׳ כאָטש דער פּלאַן און בכלל די גאַנצע אַרבעט איז געמאַכט אין גרויס איילעניש און ווייַט ניט פולקום· אָבער אָפּלײגן טאָר מען ניט· וועגן מיר ניט געדאַגה׳ט! די קאַמעראַדן טראָגן מיך ממש אויף די הענט· פון אַלע עקן קומען זיי צו מיר צו לויפן און שיקן מיר׳ וואָס זיי האָבן נאָר· מיין אויג איז שוין כמעט אויס־געהיילט· טאַבאַק פעלט אויס· שיק יעדן טאָג אַ ביסל — אין בריוו׳ אויב פּאַקעטן זייַנען פאַרווערט· דאָס מוז איך האָבן· די קליינע טרחה בעט איך דיך· און שרייב יעדן טאָג· פון 9· 15· אָן האָב איך נאָך גאָרנישט ניט באַקומען פון דיר· וואָס מאַכט בעבאַ? זיי צופרידן׳ וואָס ער איז אַרויס פון דעם גיהנום אין מערב· איך קוש דיך און אייך אַלעמען·

דיין קאַרלושאַ·

9· 10· 15·

## טייערסטע !

היינט באנאכט ארבעט מען ניט· נעם איך זיך דעם כבוד זיך צו מעלדען אף א ווײַלע בא דיר ··· די לעצטע נאכט האט מיך שטארק פארמאטערט; כ׳בין שיר ניט געבליבן אף אן ארט· אפגע־מארשירט בין השמשות· בשעת מיר האבן אין ־ דער ־ פינצטער געשפרייזט דורך דעם הויכן סאָסנע־וואלד· האבן די שטערן געפינקלט אין די בוימער ווי ניטל־ליכטלעך ··· דערנאך — די ארבעט אף דעם בית ־ עולם· א שטאק ־ פינצטערע נאכט — די שטערן זיינען נעלם געווארן· שוין גראבן די ערשטע שעפלעך ערד פון די קברים איז שווער· ניט איבערצוגעבן· בא יעדן גראָב פון רידל קאפען אראפ פונ׳ם רידל געמייזעכץ ־ פייערלעך· ווי לייכט ־ ווערעם· מען הערט ווי עס פאלט די ערד· א פארדומפענער קלאפ פונ׳ם רידל — ווידער א טרונע· א שווערער ריח פון פוילנדיקע קערפערס· און טראך ־ טראך פון ביקסן — און גאר נאענט פייפן פארביי די קוילן פון יענער זייט דווינע· און דער שארפער געקנאל פון די אויפרייס ־ קוילן; מען הערט דא פריער דעם קנאל פונ׳ם אויפרייס· ווי דעם קנאל באם אויסשיסן· די רוסן שיסן אסך מיט אויפרייס ־ קוילן [ביקס ־ גראנאטן]· מסתמא· פאבריצירט אין אמעריקע; זיי צעשעדיקן מיאוס· איך בין צוגעקראכן ביז צו דער סאמער דווינע· און דאס ערשטע מאל האב איך דערזען דעם זילבער־פינקלדיקן וואסער־שפיגל פונ׳ם טייך· די קוילן פון די נאענטע רוסישע פאָסטנס פייפן ארום אונז פארביי די אויערן· אן ערך 10 קילאמעטער פון אונזער קווארטיר· וואס ליגט אף א הויכן ארט און איז צו זען פון ווייטן· האלטן די רוסן א צוגעבונדענעם לופט ־ באלאָן· וואס קומט זיי שטארק צוניץ· היינט האט מען אים ווידער געזען אינדערהויך; די שיסעריי איז היינט געווען באנאכט שוואכער· די רוסן מאכן א דראט ־ פארצאמונג פאר אונז· און זיינען דערפאר געווען שטיל·

··· איצט זיץ איך בא מיינע שכנים — די קוילנווארפער־לייט — פארטיי ־ חברים — אין א ווארעם שטיבל· זיי שפילן אין קארטן און שמועסן· איינער פון זיי האט „דעם שטילן גארטן״ רעפראדוקציעס פון דער יאר־הונדערט־אויסשטעלונג· — א קליין ביכל — ארויסגעגעבן בא לאנגעווישע· — וועגן דער דייטשער מאלעריי אין דער ערשטער העלפט

פונ׳ם ניינצעטן יארהונדערט. געוויינטליך ערגעץ – וואו „מיטגענומען״.
כ׳האב עס אקארשט געלייענט, און כ׳בין געווען דערבײַ גאר נאענט
לעבן דיר. דו האסט דעם העפט ? כ׳ראט דיר שטארק צו.

··· דעם קאמעראד לאָזע, וואס מען האט אים נעכטן פארוואונ־
דעט, האט דער קויל געטראפן אין בויך און אין די לונגען — מען האט
אים שוין אוועקגעפירט, אבער ער וועט, מסתמא, שטארבן,
אף דער פאזיציע, וואו מיר ארבעטן, זיינען געווען נייע קרבנות.
פון דיר איז נאך אלץ א ווארט ניטא! איך קוש דיך און די קינדער.
שרייב דיין קארלושע׳ן — תיכף.

13. 10. 15.

ייִנגעל מיינס !

דא איז ניטא קיין שום נייס — אבער, ליידער, פון אייך אויך
גארנישט ניט ! פארשטייט זיך, אז שולדיק איז די פאסט, וואס פונקציא־
נירט דאָ גאר צרה׳דיק. פונדעסטוועגן שרייבט, ווי ווייט מיגליך,
יעדן טאג — כאטש ניט קיין סך. מען גייט נאך דעם אויס — אין
אזא העק, וואלט איך כאטש געוואוסט, וואו איז סאניע. — ש ו י ן
28 ט ע ג א ל ע ב ע ד י ק ו ו א ר ט נ י ט פ ו ן א י ר.

א שטראלנדיקער שפעטער הארבסט — אויסגעשטערנט און בא־
גאסן מיט טוי פראסט — קאלט. געוויינטליך, אָן אויוונס. מער ניט
א דעקע אין א שטאל אדער אין א שייער.

איך קוש אייך אלעמען. פארברענגט גוט די קאַניקולן. —
אייער פּאַפּאַ.

25. 10. 15.

טייערסטע !

איצט ביסטו אף געוויס אינדערהיים און האסט שוין געזען, ווי
אפט כ׳האב דיר געשריבן ··· שוין א צייט, ווי איך האב פון דיר גאר־
נישט ניט, מיגליך, אז דאס נעמט זיך פון דער פארבינדונג, וואס איז גאר
שלעכט. מיר באקומען שוין כמעט גארנישט. א אמתע צרה. איך
בין צו אומגעדולדיק און צופיל פארמאטערט פונ׳ם אפנעמען די פאסט,
אז איך זאל קאנען א סך שרייבן ··· שוין עטליכע טעג, ווי אונזער

קוואַרטיר האָט זיך איבערגעקליבן: מיר וואוינען אין רוסישע טראַנ־שעעס — העכער, אַף צפון־מערב, ווידער לעבן דער דווינע. ס'איז זעער קאַלט. פון היינט אָן איז שוין אָן אמתער שניי־וועטער, אַזוי אַז כ'האָב זיך היינט אינדערפרי געקאַנט וואַשן אין שניי — אַן אמתער תענוג.

... מורא'דיק פיל אומפּלייט. וואָס הערט זיך בא אייך? מען קאָן ניט מער שרייבן, אַז מען באַקומט קיין זאַך ניט פונדערהיים. די פּאַקעטן זיינען נאָך אויך נישטאָ; — חוץ אַ פּאָר קליינע טאַבאַק־בריוו פון אַליס'ן; קיין ליכט ניכט, קיין פּאַפּיר־בלאַק ניט, קיין ציגאַרן ניט און כמעט קיין טאַבאַק ניט. אַזוי איז עס זיבן וואָכן נאָך מיין אוועקפאָרן, ניט צו דערטראַגן. די ווינטער־זאַכן דאַרף איך ניט מער, כ'האָב דאָ אַלץ געקריגן. שרייב, שרייב.

... מען שפּיאַנעוועט נאָך מיר מיאוס, ווי איך דערוויס זיך איצט, — ברודיקע חברה!! איך קוש דיך און אייך אַלעמען.

דיין קאַרל.

נ א ט י צ ן: דעם 25־טען אָקטאָבער רופט מיך ... אַרויס פונ'ם קראַנקן־שטיבל פון באַטאַליאָן און איז מיר מודיע: מען האָט איבערגעגעבן דעם באַטאַליאָן, אַז איר פאַרנעמט זיך מיט פּראָפּאַ־גאַנדע צווישען די סאָלדאַטן אַרויסצוטרעטן פון דער קירך. דאָס טאָר איך ניט דערלאָזן, מיין שטח איז אַ נייטראַלער אָרט. איך מוז אייך בעטן איר זאָלט אויפהערן. [ביז דאַנען אָפיציעל.] איר זאָלט עס האָבען מאָטיווירט דערמיט, אַז אַזוי קאָן מען און מען דאַרף שטופּן צו פאַרענדיקן די מלחמה — דאָס קאָן לייכט אויסגעטייטשט ווערן, ווי אַ בונט. [איך זאָג ניין.] איך זאָג דאָס, האַלבנדיק דערביי די בעסטע כוונות. — ווי איך קוק בכלל אָפּ'ן אַרויסטרעטן פון דער קירך, איז דערצו ניט שייך. מיין קוק אַף דער מלחמה איז גאָר ניט אַזוי ווייט פון אייערן, און כ'האָב שטאַרקע פּאַציפיסטישע נטיות. [שאַרפע, קריטיקירנדיקע ווערטער.] איר קאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז איר זייט אַרומגערינגלט מיט שפּיאָנעס, וואָס גיבן תמיד אַלץ איבער; בכן, זייט פאָרזיכטיק. אגב, ווייס איך, אַז דער שטאַב־אָפיצער פון די סאַפּיאָרן האָט אייך ניט האָלט. איך האָב פון אים אַליין געהערט, ווי ער האָט געזאָגט — בשעת מען האָט אייך געהאַט אָפּגעלאָזן דאָס לעצטע מאָל —: „אויב איר וועט דאָרט אַרומגיין

אנגעטון ציוויל׳ וועט ער אייך תיכף ארייגזועצן!״ גיט אכט·

דעם 26סטן אקטאבער קומט צוגיין דער קאמאנדיר פון באטאליאן און רופט מיך ארויס: ער האט׳ הייסט עס׳ געהערט וועגן דער פראפאגאנדא ארויסצוטרעטן פון דער קירך· דאס טאר ניט דערלאזן ווערן· ער האלט פאר וויכטיק דורכצוקומען מיט מיר מיט־גוטן׳ צו קאנען זאגן׳ אז איך האב זיך באנומען אָן א פגם· ער וועט דעם ענין ווייטער ניט איבערגעבן· ער קוקט אף דעם׳ ווי ער וואלט עס געהערט פריוואט איך דארף ניט פארגעסן׳ אז א סך סאלדאטן׳ וואס זיינען מיר גוטע פריינט׳ אין־די־אויגען׳ האבען פונדעסטוועגען דערנאך הינטער־די־אויגן גערעדט קעגן מיר און געהעצעט און מיך פארמסרט· אז איך שמועס מיט יחידים׳ וואס זייערע אנשויאונגען זיינען מיר אן ערך באקאנט׳ — קעגן דעם לאזט זיך גארנישט ניט זאגן׳ ער אליין האט דאך אויך מיט מיר אזוי געשמועסט·און׳ אז ס׳וועט קומען די צייט׳ וועט ער מיך ווידער פרעגן׳ בשעת כ׳וועל קומען פון דער סעסיע פון רייכסטאג· אבער נאר קיין »אגיטאציע« ניט!

דער · · · האט נאך געזאגט׳ כ׳זאל אויך ניט פארגעסן׳ אז בריוו קאנען געעפנט ווערען; מען האט עס דאס רעכט צו טון׳ כדי צו פארהיטן ווידערשפעניקייט און בונטען· צי האט מען עס שוין געטון מיט מיינע בריוו׳ ווייסט ער ניט· כ׳מוז זיך ריכטן אף אלץ· ס׳איז אמאל געקומען צו רייד [אין באט·־שטאב]׳ אז מיין פרוי איז כלומרשט אין אויסלאנד און אז איך שרייב זיך מיט איר איבער אף א פאר־שטעלטן אדרעס·

14· 10· 15·

ליבע סאָניע!

דיין בריוו פון בערן פון 1· 10· איז אנגעקומען היינט· · · · כ׳האב געשריבן גאנץ אפט· נאר מיינע בריוו זיינען׳ אפנים׳ ניט אנגעקומען; דא איז ניטא קיין שום נייס· די נאכט־ארבעט בא דער דווינע [מילבאך־שפיצע באם בריק־קאָפּ אַנען־לענעוואַדן] ציט זיך נאך· מיר ארבעטן איצט אף דער דווינע־זייט פון דעם דרייעק׳ הארט באם ראנד פון שארפן׳ מיט וואַלד באוואקסענעם׳ אפהאנג׳ וואס איז 20—8 מעטער אין דער טיף; זיין מערבדיקער ברעג פאלט אראפ אין טייך אריין׳ פון

יענער זייט וואסער ארבעטן די רוסן בא זייער פאזיציע. זייער קלאפן דערגייט צו אונז. פונקט ווי אונזער קלאפעריי צו זיי. און אינמיטן דאס העלע אויפברויזן און רוישן פון דעם ברייט פלייצנדיקן שטראָם. די קוילן פייפן פארביי די אויערן — שיפּענדיק און פאכענדיק ווי קעץ. שטערן פינקלען דורך די צווייגן און ציטערן אינ׳ם שפיגל פון וואסער. ס׳איז קאלט און פייכט — א ווייסער פראסט־טוי. מיר גראבן זיך אריין אין דער ערד. אויב ס׳איז גענוג טיף, רויכערט מען זיך איינגעבויגענער־הייט אדער ליגנדיק א פּיפּקעלע. א זייגער 12 גייט מען צוריק דורך דעם לאבירינט פון די גראבנס, אפט שטארק איינגעבויגן און ניט באשיצט, אונטער דעם שיפּעדיקן אקאָמפּאנימענט פון די קוילן. מען קייקלט זיך — אויסגעמיידט אף רעכטס און אף לינקס, זיך דרייענדיק ווי שלאנגען, שטום, קריכנדיק, באגריסנדיק די פּאָסטנס בא די שיס־לעכער. דא ניט לאנג איז צו אונז דערגאנגען פריילעכע רוסישע מוזיק פון יענער זייט דווינע. — צוויי שעה איז מען אונטערוועגס אהיים — טאפנדיק אינדערפינצטער, טויט־פארמאטערט, די גלידער, — ווי בליי.... אין הימל לייכט שטאלץ דער אָריאָן. זעלטן ווען מען האט אן אָפּרו פאר 4. 6 אזייגער איז מען ווידער אויף. דעמאלט הייבט זיך אן מיין טאג, מיין ארבעט.

זיי געזונט — זייט אלע געזונט!

איך קוש דיך און אייך אלעמען.

דיין קארל.

30. 10. 15

טייערסטע!

פון דיר איז נאך אלץ גארניט ניט אנגעקומען, כאטש נעכטן האט א גוט ווינטל צופעליק ווידער געבראכט די פאסט; אבער איך האף פון טאג צו טאג, ווי א מאנצבילשער הערא.... אין מיין מצב האט זיך עפּעס געביטן. בא דער נאכט־ארבעט און באם מארשירן איז מיר א פּאר מאל געווארן ניט גוט. איך בין תיכף אפּגעגעבן געווארן אין די הענט פון אונזער בייעם — זעער טיכטיקן און געוויסנהאפטן — דאקטאר, וואס וועט מיך מארגן לאזן ברענגען קיין מיטוי [מסתמא], פון דארטן — אפשר נאָך ווייטער; זיך אפּצורוען. כ׳וואלט נאך געהאט חשק, אוועק צוריק צו די קאמעראדן, כדי צו דערשפּירן דעם טעם פון מכּת־פראָנט. דר. ר.

זאגט, אז ער קאן ניט נעמען אף זיך דאס אחריות. דער אדרעס בלייבט דערווייל דער אלטער.

. . . פיזיש בין איך מאַט, יסורים אין עטליכע ערטער. דער גייסט און די נשמה — גאנץ * au fait; געלייענט ווידער א ביסל: וואסערמאן: »דער מאן אין די פערציקער יארן«, אנדערסען »בר־מזל«, וויל וועספער: »טריסטאן און איזאלדע«, »פּאַרסיפאל«. דאס לעצטע איז זעער פארביק, ארויסגעכאפּט פון דער עפּאכע — אביעקטיוו און פול מיט לעבן; א חוץ א פאר קליינע ערטער, וואו ער גליטשט זיך אראפּ און ווערט וואכעדיק, איז עס אינגאנצן אין סטיל פון די פאנטאסטישע לעגענ־דעס פון מיטלאלטער. דערביי איז פאר מיר אליין א חידוש די נאענטע גייסטיקע קרובהשאפט מיט די פּרעכטיקע בליאונגען פון די מעשהלעך פון טויזנט און איין נאכט אדער מיט »שאַך־נאַמע« — אגב, איז מיגליך אויך א דירעקטע השפעה — די עפּאכע פון די קרייץ־צוגן! — — — פערזענליך וועט דיך וואסערמאן, דאכט זיך, אינטערעסירן.

. . . די נאטור איז א שימערירנדיקער פעען־ פאלאץ — ניטא קיין ווערטער פאַר איר צארטקייט און גרויסקייט, תמיד בין איך וואַכנדיק און כ׳נעם אלץ אויף מיט אויסגעשפּרייטע ארעמס: די שטערן, די ווייסע לבנה... און זי ווערט רויט אין א קליינעם ארט, א גאלדענער קראנץ באזוימט די בליאונג; ווייט באם ראנד איבער די וועלדער ווערט העלער, ראז־געלבליך; וואו איז געוועזן דאס ערשטע רויט? איר אפשיין לייכט פארבארגן־אָפּאַל אין די קנייטשן, אף די אפּהאנגען, אף די אלכסונדיקע ברייטע דעכער פון די שניי־באדעקטע הייזעלעך— דער הארטער שניי קנאקט אונטער די פיס. אלץ בלאנקט אויף — דער הימל ווערט העל אין זיין גאנצער גרייס. די לבנה וועט באלד אין אים פארגיין, ווי א לייכטער דאמף אין לופט. ס׳בליצט און שטראלט און בלענדט — זי איז אף איר כסא מלכות ארויף מיט גרויס »פאראד«—היינט, און פאר די לעצטע טעג כמעט איטליכס מאל. אט די גרויסע פּראכט — פארוואס קאנסטו עס ניט, פארוואס קאנען עס די קינדער ניט געניסען! ס׳טוט מיר אזוי באנג, וואס דער גאנצער הארבסט איז בא אייך אוועק אין רעגנס.

. . . טייערסטע, מיר האבן זיך א סך צו דערציילן. באלד, באלד קומט אן די צייט. איך קוש דיך טויזנטער מאל און אייך

* בדבעי.

אלעמען: די »פאסט« גייט אוועק, זי וועט אבער צו אונז ניט קומען, זי איז שוין לכתחילה א פאלשע. אל׳דאס גוטס

דיין קארלושאַ.

צו העלמין

31. 10. 15

מיין טייער קינד!

דיין קארטל פון 13־טן, וואס כ׳האב געקריגן מיט עטליכע טעג צוריק, האט מיך זעער דערפרייט; דו דארפסט אבער אנשרייבן א בריוו אויך; דאס מאל איז שוין צו שפעט, אבער דאס קומעדיקע מאל — כ׳בעט דיך, דאס מאל איז צו שפעט, ווייל איידער דו וועסט באקומען מיין בריוו, קלינגט שוין, מסתמא, פאר מיר אפ׳ן באן אין מיטוי דער גלאק, און איידער דיין בריוו וואלט געוועזן דא, וועל איך שוין דיך אליין ארומנעמען.

כ׳בין עפעס אויסגעמאטערט — פון די אנשטרענגונגען; שוין א פאר טעג בין איך ווידער אין קראנקן־שטיבל, און היינט גיי איך ארייין אין א לאזארעט — מסתמא, קיין מיטוי. אזוי ווי דאס ערשטע מאל אין סעפטעמבער האט מיך דער קאמאנדיר פון ראָטע איצט אויך אפגעשיקט צום באטאליאָן—דאקטאר, איינמאל באנאכט, בשעת מיר האבן געארבעט [געזעגט] אין וואלד, — ס׳איז געוועזן א ביטערע קעלט! — האב איך געחלשט. און נאכאמאל, נאכדעם ווי די רוסן זיינען אפגעטרעטן אף יענער זייט דווינע: בשעת מיר האבן מארשירט צו אונזער נייעם ארבעטס־ארט.

בא׳ם מארשירן זיינען מיר אדורך די איינגענומענע רוסישע פאזיציעס: לאבירינטן אונטער דער ערד, קונציק און באקוועם געבויט, איצט, געוויינטליך, שטארק »צעקארדאשעט«. ארום אונז זיינען געלעגן אַף דער אייזיקער ערד מתים, צוניפגעקארטשעט ווי ווערעם — אדער מיט אויסגעשפרייטע ארעמס, ווי זיי וואלטן זיך געוועלט צוטוליען צו דער ערד אדער צום הימל, — זיך ראטעווען, מיט די פנימער צו דער ערד אדער אַף ארויף, שוין אפטמאל שווארץ. רבונו של עולם, כ׳האב פאר דער צייט געזען ניט איינעם פון אונזערע מתים, און געהאלפן אראפ־נעמען פון זיי זייער ביסל גוטס, דעם לעצטען אנדענק פאר ווייב און קינד.

די געשיכטע פון אָט דער מלחמה וועט זיין פשוטער, קינד מיינס, ווי די געשיכטעס פון א סך פריערדיקע מלחמות, ווייל די טרייבנדיקע כוחות גראד פון אט דער מלחמה ליגן מגושמ'דיק פון אויבן־אויף. דערמאן זיך אָן די קרייץ־צוגן: ווי ס'פארפלאנטערט דא די רעליגיעז־קולטורעל־פאנטאסטישע אויסערליכקייט ; זי פארדעקט אבער אויך אין אמת'ן, כמעט, ריין עקאנאמישע טענדענצן: די קרייץ־צוגן זיינען געווען גרויסע האנדלס־מלחמות.

די אימה'דיקייט פון אָט דער מלחמה סיי אין פארנעם סיי אין די מיטלען, סיי אין די צילען פארדעקט ניט, אלא זי אנטדעקט, זי דעקט גיכער אויף. וועגן דעם וועלן מיר נאך שמועסן, און וועגן נאך א סך אנדערע זאכן.

דו פרעגסט מיך, וואס דו זאלסט לייענען. מיין עצה איז: ראשית א געשיכטע פון ליטעראטור. נעם גאנץ שילערן, בלעטער און לייען, לייען ווי געהעריק און תמיד פונדאסנייי. און דערנאָך נעם קלייסט'ן און קערנער'ן און א פּאָר בענדער געטע און שעקספיר'ן און סאפאקלעס'ן, עסכילאָס'ן און האָמער'ן, נאַש פון אומעטום, און דאן שטעל זיך אפ און לייען ווי געהעריק, זיך שעהען־ווייז איינער אליין מיט די ביכער. אזוי ווערן זיי דיינע פריינד און דו ווערסט זייער חבר. כ'וויל דיך ניט נויטן. דו מוזט, דו דארפסט זוכן אליין — יעדער האט זיך זיין אייגענעם וועג. אויך וועגן דעם וועלן מיר זיך אינגיכן דורכשמועסן.

דער גורל פון דיינע אָפּפרעסערס* איז פאר מיר א פרייד. האדעוועט זיי אויף כדבעי.

איצט מוז איך פארענדיקן — מירווארטן אפ'ן אויטאמאביל, וואס דארף אונז ברענגען אין לאַזאַרעט. כ'דארף זיך איינפאקן. איך קוש דיך יינגל מיינער — דאגה ניט וועגן מיר.

זייט א סך אף דער פרייער לופט. גערירסט אלעמען

דיין פּאַפּאַ.

31· 10· 15

טייערסטע !

היינט איז סוף כל סוף געקומען דער אויטאמאביל, וואס דארף אונז מארגן אוועקפירן און טאקי, מסתמא, קיין שאוול — אדער אפשר

* Гусеница — Raupe

קיין מיטוי — ס׳איז נאך ניט קלאר — דערביי א פּאר צעטלעך — זע זיי זארגעוודיק אפּצוהיטן· דו קאנסט זיי׳ געוויינטליך׳ דורכלייענען · · · ווען כ׳וועל איצט האבן אַ פּאסט׳ ווייס איך ניט· דאס איז זעער ביטער און ממש זיך מיאש צו זיין·

כ׳האב נאך א סך ארבעט — כאטש איך בין שוואך׳ לאזט עס מיך א מינוט ניט רוען· וואס וועט ווערן? פון העלמי׳ן האב איך זיך דערוואוסט׳ אז אַדאָלף איז מאביליזירט· ס׳וואלט געווען א שרעק· כ׳בעט דיך גיב א ידיעה — נאך אפ׳ן אלטן אדרעס · · · · איך בין זעער אומרואיק וועגן אייך·

וואלטן מיר באלד געווען צוזאמען·

אל׳דאס׳ אל׳דאס גוטס — איך קוש דיך א סך מאל׳ מיין סאָניטשקע

דיין קארל·

דער עטאפּ!! א ים קאָרופּציע פון אויבן ביז אונטן אראפּ· — וואוילטאג און אומבאגרענעצטע מאכט אינאיינעם — אן אומגליק·

דעם 16 ·5 ·3

טייער קינד!

דער ענין וועט זיך נאך עפעס פארציען. א דערוויילִיקער ארעסט פאר׳ן עובר זיין א דינסט־באפעל און פאר נאך א פּאָר עבירות [דורך א פּאר אויסרופן]. איר מעגט זיין רואיק. די רעוויזיע האט דיך, מסתמא, עפּעס געשטערט. איך האף, אז דער מישמאש אין מיין צימער איז ניט פארוואנדלט געווארן אין א תוהו ובוהו. ביז איצט האב איך זיך פונדעסטוועגן אויסגעצייכנט אריענטירט. כ׳בעט דיך זיי פארזיכטיק. לאָז בלייבן צוזאמען, וואס איז ביז איצט געלעגן צו־זאמען. כ׳האב א גאַנץ גוטע דירה. נאר א פּאר זאכן דארף איך תיכף: טאשנטיכער, זאקן, קראגנס, העמדער — ביכער: 1·) פלעצ, א קיצור פון דער געשיכטע ; 2·) הילפערדינג, דער פינאנס־קאפּיטאל ; 3·) לוקסעמ־בורג, די אַקומולאציע פונ׳ם קאפּיטאל ; 4·) די געשיכטע פון דער פראַנ־צויזישער רעוואלוציע.

וועגנ זיך בשום אופן ניט צו קיין אנדער אדוואקאט, ווי טעדל. צו קיין קאלעגע פון רייכסטאַג אויך ניט. כ׳וויל ניט קיין אומגע־בעטענע טובות, זיי מעגן דערביי אפילו האבן די בעסטע כונות. כ׳מיין עס טאקע בפירוש. אויב דו האסט שוין מיט אימיצן גערעדט, בעט איך דיך, רוף עס אפּ. אפשר וועלן מיר זיך באלד קאנען זען. איך קוש דיך און די קינדער, זייט צופרידן, וואס איר האט פון מיר אף א ווײַלע רו. גריס אויך טעאָ, לו, אַליסען, גערטרודען און אלע איבריקע

דיין קארל.

דעם 16· 5· 4·

טייער קינד!

ווי איך דערוויס זיך, מעגסטו מארגן קומען. זיי אזוי גוט און ברענג מיט מיינע מיליטער־זאכן [א האלז־טיכל, א ליטעווקע, א היטל]. מער טאר איך דיר איצט ניט שרייבן. אלץ גייט כשורה. א גרויסן דאנק אלעמען און א סך גערוסן. איך קוש דיך און די קינדער

קארל.

בערלין ווי׳ דעם 16. 6. 18

טייערסטע !

ס׳ארא אויפרעגונג ! דארפסט דאך פארשטיין׳ אז מיר זיינען ניט אליין׳ אז כ׳קאן ניט צו דיר זיין אזוי׳ ווי דאס ווילט זיך . . . האט מען ניט קיין געבראָטענס׳ זופט מען יויך און מען פרעסט דאס יאָניש ברויט פון לעבן׳ אויב עס האנדלט זיך נאר וועגן א לייטישן ציל׳ לייען געטע׳ס עלעגיע »הערמאן און דאָראָטעא« [ניט דעם עפּאָס]

»עס לערנט אונז חכמה צום סוף
דאָס יארהונדערט׳ ווער האט ניט דאס גורל
געפּרוווט ?«

[גיב אכטונג׳ אז דער טראָפּ שטייט אפ׳ן אנהייב פון דער צווייטער שורה]. מאָנטאָג האָף איך דיך צו זען א פרייליכערע — לאך — לאך זיך אויס פון די stinks and arrows of outrageous fortune * . . . איך פארשטיי דיינע דאגות — אבער »פון דאגות קומט ניט צו«. איך קוש דיך און די קינדער׳

דיין קארל.

בערלין׳ דעם 16. 9. 30

טייערסטע ! »טריסטרעם שענדי« מיט זיין וועלט־באפרייענדיקער איראניע פארשאפט דיר׳ מסתמא פרייד און פארגעניגן׳ זאל דיך ניט אָפּשרעקן די אלט־פרענקישע שפראך און דער וואקלדיקער געביי׳ בעת קיין איין לעבעדיקער מענטש קאָן דיך ניט שטערן׳ פונאָוונט׳ לייג זיך אוועק אפ׳ן סאפע און הויב אן צו לייענען׳ בשעת דו וועסט האלטן דערביי׳ ווי פעטער טאָבי קלאַפּט אויס זיין פּיפקע׳ וועסטו פאַררויכערן א פּאפּיראָס׳ איך מוז זיך דעמאלט אויך נעמען צו מיין פּיפקע. און בשעת דו וועסט לייענען וועגן די נעזער זאלסטו ניט פארגעסן »סיראנאָ« און די »גאַסקאָנער קאדעטן«. און בא די באַקן־באַרדן — טראכט וועגן מיר און נאר וועגן מיר׳ ניט געקוקט אף קליינע חסרונות׳ איז די דייטשע אויסגאבע אן אויסגעצייכנטע׳ פשוט

* פיילען און דערנער פון בייזן מזל.

ניט אַריבערצושטייגן· דער גאנצער שטייגער באלאנגט צו ראַבלעַ און צו דאָן־קיכאָט· געוויינטליך דו קאנסט בייטן· אבער איך האף· אז דו ווייסט עס פארט האלטן פאר א standart work * כ׳וואלט אויך שטארק געוועזן א בעלן צו קריגן — Sentimental journey. ברענג מיר אף גיך נאכאמאל דעם 2־טן און דעם 3־טן באנד· כ׳דארף זיך נאך א ביסעל גריבלען אין זיי· און School for scandal· כ׳בעט דיך· אויך מאַקאָלייען און די »טייוולאנים«· און איצט שיק איך דיר טויזנטער קושן· איך פראוועו ניט קיין שטיק· אבער קיינער קאן דאך מיר ניט פארווערען· איך זאל טראכטן וועגן דעם טאג פון אונזער חתונה· כ׳האב דאך תמיד געטראכט וועגן דעם ; היי־יאר אפילו מיט א חודש פריער ; אלעמאל האט מיר נאר אויסגעפעלט צייט· כאטש דו מיינסט· אז פאר אזוינע זאכן מוז מען תמיד האבן צייט· אינדערפרי וועלן מיר זיך ניט קאנען זען· אבער כ׳וועל פארט זיין בא דיר· זיי מונטער· איך האף· אז דער «שענדיזם« וועט דיר העלפן· ווי ס׳באדארף צו זיין· זיך אויסצולאכן פון א סך זאכן· נאך טויזנטער קושן פאר דיר און פאר די קינדער

דיין פיר־יאָריקער מאַן קארל·

ב· 21· 10· 16

טייערסטע !

דער מאנטל אין די טאשנטיכער זיינען אנגעקומען נעכטן פונ־אוונט — ניט געקוקט אף מיין בריוו ; א דאנק דיר — אויב· כ׳וואלט געקאנט גלויבן· אז דו וואלסט גלויבן· אויב כ׳וואלט דיר געזאגט· אז ס׳איז געוועזן איבעריק· וואלט איך געזאגט· אז ס׳איז געוועזן איבעריק — גלויב מיר· אבער א· א· וו· פארשטאנדיר׳סטו ? **

אט וואס : פון היינט אין 14 טעג ארום קומט די רעוויזיע פונ׳ם פסק־דין· דער טייטש· זי קומט צו פאָרן· דער טייטש : מיר מוזן אין די 14 טעג אפטון דאס· וואס ס׳איז נויטיקער פאר אלץ· און דערנאך — א סוף !

---

* מייסטער־ווערק·

** verstandez-vous — האלב דייטש האלב פראנצויזיש·

כ׳וויל נאר זען דיך און די קינדער· די איבעריקע זאלן קומען צוזאמען, אבער נאר די סאמע נויטיקע· מאנטאג וועלן מיר זיך וועגן דעם דורכ־שמועסן באריכות· די קינדער זאלן זיין גרייט אף דאָנערשטאג אדער אף פרייטאג· אבער מיר וועלן זיך זען נאר נאך איין מאל · · ·

· · · · האלט זיך מעשה פילאסאף· וואס זיינען באמת פיר יאר! האלט הויך דעם קאפ· און דאס וויכטיקסטע ווערט דעמאלט א קלייניקייט — sub specie aeternitatis * ניט נאר פון כלל־לעבן, נאר אפילו פון יחיד·

איך קוש דיך און נעם דיך ארום א סך, א סך מאל

דיין קארל·

בערלין, 16 ·12 ·6

טייערסטע!

דערביי א בריוו, אף וועלכן כ׳בעט דיך אנשרייבן דעם פולן אדרעס· שיק אים אפ דערנאך ווייטער· איצט זיצסטו, מסתמא, אויך איינער־אליין אין שטעגליץ, ביסמארק־גאס ווו/75, פונקט ווי איך זיץ אין לערטער־גאס ווו/59·

אבער איך האב פאר זיך געטע׳ן — און דו?

און לעבעדיק ווידער און קלער ניט א סך —
ווער ס׳רייסט נאר די רויזן, וואס בליען,
דעם קיצלען באמת נאר דערנער·
עס פינקלט דער שטערן, ווי היינט, אזוי נעכטן —
פון קלאגמוטערס האלט זיך פונוויטן
און הויב אן כסדר דיין לעבן פון אנהייב —

כאטש איך בין ניט קיין «גלוסטיקער פארשוין», איז מען עס אויסן דיך· וואס עס זאל ניט זיין! ווי קאן מען עס אראפלאזן דעם קאפ, אז מען האט פאר זיך געטע׳ן און די קונסט און טויזנטער אנדערע ביכער־פריינד?

באשליס זיך אף גיך אוועקצוגיין אין אן אנדער ארט, צו קוקן אף דער וועלט פון אן אנדער זייט· איצט זעסטו זי ווי א בילד, וואס הענגט קרום·

---

* פון שטאנדפונקט פון אייביקייט·

צי וועל איך זיך דאָ נאך זען מיט דיר? ס'וואלט פאר מיר געווען אזא פרייד, אבער טאמער ניט — קריגסטו תיכּף א ידיעה און אלץ וועט זיין גוט.

נאר האלט הויך דעם קאפ.

איך קוש דיך און נעם דיך ארום

דיין קארל.

. . . מאָליער איז פארט א געוואלטיקער בחור. מסתמא, איז שוין 23 יאר, ווי איך האב אים ניט געלייענט אין אריגינאל. פולדא'ס איבערזעצונגען זיינען געלונגענע, און אונזער שפּילן „Malade imaginaire" און „Georges Dandin", איז אוודאי גוט. כ'האב עס דא ניט לאנג געזען צוזאמען מיט דיר — געדענקסט? — אבער פונדעסטוועגן — וויפיל פיינע שטריכן גייען דא פארלוירן, א סך בעסער פילט מען דעם טעם בשעת מען לייענט.

דאס איז א קוק אפ'ן לעבן sub specie aeternitatis. כאטש עס איז איינגעפונדעוועט אין דער עפּאכע, און סאציאלאגיש — היסטאריש אויך אינטערעסאנט ער איז ממש ניט אריבערצושטייגן אין דער רחבות פון זיין פאנטאזיע און אין דער מערקווירדיקער עשירות פון זיין לייכטן וויץ, פון זיין בייסיקן שפּאָט — סיי אין ווארט סיי אין דער סיטואציע — און אין דער טיפיזירנדיקער אפּגעטאָקטקייט פון די כאראקטערן, כ'בעט דיך, נעם אים אריין אין האנט אין שעהען פון מרה־שחורה — ער קאן אָביעקטיווירן אלע צרות. —

לוקוי, דעם 11־טן דעצעמבער 1916.

טייערסטע !

דאנערשטאג האסטו ניט געקאנט קומען, ווייל די ביסט געווען קראנק — אזוי האט מען מיר איבערגעגעבן, בשעת כ'האב שוין געוואוסט, אז אף מארגן אינדערפרי וועל איך אוועק. וואס איז מיט דיר ? כ'בין אומרואיק, איך האף אבער, אז ס'איז ניט געווען קיין ערנסטע זאך.

מיין טראנספארט איז ארויס "בסודי־סודות". 8 אַ זייגער אינדערפרי זיינען מיר אפגעפאָרן פון אַנהאַלטער וואקזאל מיט דעם שנעל־צוג אוקראָ [דרעזדענער ליניע]. ס'האט געדויערט א שעה מיט עפעס — און אַן ערך אין א פערטל שעה ארום זיינען מיר שוין געווען אין לוקוי; דאס שטראָף הויז געפינט זיך אף דער הויפט־גאס, בא א מהלך פון 10 מינוט פון וואקזאל [דעם בנין קאן מען גלייך דערקאנען]. בשעת איר וועט קומען צו מיר אהער צו גאסט, וועט איר אויך מוזן פאָרן מיט דעם צוג; נאכ'ן האלבן — טאג, א זייגער 5 אדער 6 קאן מען שוין זיין צוריק אין בערלין. כ'פיל זיך גאנץ גוט; ניט געדאגהט וועגן מיר ! די קאמערע איז גאַנץ גערֲאַם, מיט אַן אויוון פון קאכלעס; א גרויס פענצטער — כ'קאן עס אליין עפענען. א טיש, א וואש־שיסל, אפילו א טעלער און אַ מעסער אויך; חוץ דעם, א גאפל און א לעפל. נאר איינס איז מיר ביז איצט שווער: דאס ליגן אין בעט א שעה 11 — 13. אבער כ'וועל זיך אויסלערנען און זיך צוגעוואוינען דערצו אויך, אַזוי אז אין 1920־סטן יאר וועסטו זיך אויך קאנען פון דעם מהנה זיין. מען האט מיך צוגעשריבן צו דער "שוך־פאבריק", כ'ארבעט אבער אין מיין קאמערע — 14 טעג דארף מען גארנישט ניט פראדוצירן, די ווייטערדיקע צוויי וואָכן — א דריטל, די ווייטערדיקע — צוויי דריטל, און נאך זעקסן וואָכן לערן־צייט — פירט מען שוין אויס די גאנצע ארבעט. בכן, בין איך איצט א שוסטער־לערן־יונג אין עמבריאנעלן צושטאנד. אין דער פרייער צייט [זונטאג און בשעת די הפסקות אין מיטן־וואך] מעג איך לייענען און שרייבן, אין דער ביבליאטעק זיינען דאָ, אפנים, פאראן גוטע ביכער, אפשר אלע קלאסיקער. דאס ערשטע, וואס איז מיר אריינגעפאלן אין האנט, א חוץ יערעמיאס גאָטהעלפ'ס [אולי דער ארענדאר — ס'איז כדאי זיך מיט אים צו פאראינטעריסירן], איז הערמאן און דאָראָטעאַ — מיט דער עלעגיע, וואס כ'האב דיר מיט א פאר חדשים צוריק וועגן איר געשריבן:

„הכמה זאל זיין אינ׳ם שמועס ! עס לער׳נט אונז
חכמה צום סוף
ד א ס יאר ־ הונדערט׳ ווען׳ האט ניט דער גורל
געפרווווט״.

כ׳האב דיר אנגעוויזן אף דעם משקל — ווי א פעלז׳ וואס עס ליגט דא אף דעם „יארהונדערט״. אין דער היגער אויסגאבע [הענדעל׳ס] שטייט־אף געוויס פאַלש —: „דער סוף פונ׳ם יארהונדערט״; אף אזא הארטייקט איז געטע נישט געווען מסוגל.

ס׳איז מיגליך׳ אַז איך וועל אינגיכן מעגן לייענען אייגענע ביכער אויך — געוויינטליך׳ בהדרגה׳ כ׳וועל מעגן שרייבן אף אייגען פאפיר אויך. אפשר וועסטו מיר צושיקן א ביסל אין א קורצער צייט ארום — אן ערך׳ ווי דאס לעצטע מאל אינ׳ם אויספאר־שונגס ־ ארעסט.

דער שפאציר ־ הויף איז זעער א גרויסער; פון יענער זייט מויערן זעט מען בוימער און אנדערע חיותדיקע זאכן [אויך א מערקווירדיקע קירך אין גאָטישן סטיל — פון רויטע ציגל] אפ׳ן הויף איז פאראַן א בארן ־ בוים און גערטעלעך [גריינס׳ בלומען׳ שטיפמוטערלעך ערשטלינגען *] געוויינטליך׳ מארשיר איך דא אין דער קאַלאָנע.

איר מעגט צו מיר שרייבן׳ — און איך צו אייך — יעדעס פערטל יאָר נאר איינמאל; אין אן אויסנאמס ־ פאל — בא דרינגיקע פאמיליע־ענינים — חוצדעם אויך׳ שרייבן מעגן נאר: דאס ווייב׳ די קינדער און די שוועסטער ־ און ־ ברידער׳ דאס אייגענע איז מיט דעם קומען צו מיר׳ כ׳האף׳ אַז איך וועל באלד הערן גוטע נייס פון דיר און פון די קינדער׳ אלנפאלס דאגהט ניט וועגן מיר׳ פון 1460 טעג זיינען שוין 38 באלד אראפ׳ דער טייטש איין אכט־און־דרייסיקסטל׳ דער טייטש׳ אַן ערך דער „ווארצל״ פון 1460.

די צוויי לאַנד ־ טאַג ־ פאפקעס האסטו אפגענומען פון דעם ארעסט ־ הויז ? דאס היט אפ באזונדערס׳ עס זיינען פאראַן אינעווייניק נאך א סך קליינע פאפירלעך׳ דער אונטער ־ אפיצער בעקער האט מיר צוגעזאגט׳ אז ער וועט עס ארומבינדן׳ זאל אָקאָרשט קיין זאך ניט פארפאלן גיין׳ כ׳מוז פארענדיקן׳ איך קוש דיך און נעם דיך ארום׳ הארץ מיינס׳ די קינדער קוש איך א סך מאל׳ כ׳האף׳ אז זיי

* Primeln

וועלן זיין גוט און וואויל און פלייסיק, און אז זיי וועלן זיך צוליב מיר ניט אפעסן דאס הארץ. א סך גערוסן אלע קרובים און אלע גוטע פריינט
דיין קארל.

אפשר, איך האף אזוי — וועל איך פון צייט צו צייט מעגן באקומען, די וואָך־אויסגאַבע פון „בערלינער טאגעבלאט"! שיק זי צו אהער אף יעדן פאַל, פון 9.12. אָן.

אינגיכן זיך ווידער צו זען.

פון דעצעמבער 1916.

איר נעמט בא מיר א וועק די ערד — נאר ניט דעם הימל,
און אויב די אויגן זעען נאר
דורך גראַטעס אייזערנע,
דורך שטאבעס רייען,
א שמאָלן פאס,
געפרעסט פון שווערע מויערס.
עס איז גענוג
צו זען דאס הייליק — לאכנדיקע הימל ־ בלוי,
פון וואנען ס'פליסט צו מיר דאס בלאסע ליכט,
און צייטנ ־ וויַיז
טאנצט לייכט צו מיר אַראָפּ א פויגל ־ צוויטש פאריתומט
עס איז גענוג
צו ווייזן מיר א שווארצן דאכער,
וואס פלאפלט לייכט אין פרייעם פלי,
און דאס זיך בייטנדיקע בילד פון וואלקן, —
געטרייע פריינד פון מיינע תפיסה ־ טעג.

און זאָל עס זיין א שמאלער פאס נאר — יענע נאכט
האט זיך דער העלסטער שטערן דא באוויזן,
דער העלסטער הימל־שטערן אין דער תפיסה,
און האט, באהערשנדיק די וועלט פון ווייטן חלל,
געשיינט אין שפּאַלט פון ענגן קאמער
העלער, הייסער און מיט א קדמון ־ קראפט,
ווי קיינמאל ניט פאר איך — פון יענער זייט!
און האט א גליענדיקן שטערן ־ שוס אַראפּגעווארפן. —

איר נעמט בא מיר אוועק די ערד, נאר ניט דעם הימל,
און זאל עס זיין א שמאַלער פאס נאר
דורך גראטעס אייזערנע, דורך שטאָבעס רייען —
ער מאכט פון גוף די חושים,
פון פרייעם גייסט באפליגלט, אזוי פריי —
ווי איר, וואס ווילט אין תפיסה מיך פארלענדן,
זייט קיינמאל ניט געוועו, !

לוקוי, דעם 10־טען יאנואר 1917.

טייערע מיינע !

איצט זייט איר ווידער אינדערהיים, מיט דעם ערשטן רושם פון מיין צושטאנד דאָ. איר האט זיך אזוי דערשראקן, און דו מער ווי אלע פון די גראטעס . . . איצט, האף איך, זייט איר שוין גע־קומען צו זיך. איר מוזט קומען צו זיך — איר טארט ניט — און דו הארץ מיינס, אויך ניט, דו טארסט זיך אויך ניט אויפרעגן פון אזוינע טפל־זאכן, וואס זיינען, באמת, די גראטעס — וואס פאר א ווערדע האבן זיי — וואס קאנען זיי אונז אנגיין — מיך, דיך, די קינדער! פונקט אזוי ווייניק ווי די תפיסה ־ בגדים, פונקט אזוי ווייניק ווי די אפגעשארענע האָר . . . מיר זיינען און בלייבן: מיר אליין — וואס עס זאל ניט זיין, Aequam memento rebus in arduis servare mentem* אט די ווערטער האָראַצ׳ס זיינען, ווי דו ווייסט, ניט נאר א סטאָאישע, נאך אויך א עפיקורעאישע לעבנס־חכמה.

— כ׳בין איבערצייגט, אז בעת איר וועט להבא קומען צו מיר, וועלן שוין מער ניט זיין אט די אומשטענדן, וואס פארשאפן אייך יסורים. איך בעט אייך, איך בעט דיך, מיין עלנט פארלאזן פייגעלע, פארטרייבט אט דעם רושם פון אייער זכרון און שטעלט זיך פאר דאס גוטס, וואס איר האט געהערט און וואס איר האט געזען. צי זע איך דען ניט אויס גאַנץ גוט? צי בין איך ניט מונטער, לעבעדיק און פול מיט אינטערעס צו אלץ? און בארואיקט עס אייך ניט,

* היט אויף דעם גלייכגעוויכט פון דיין גייסט בא שווערע נסיונות.

וואס איך מעג היינט שרייבן אט דעם עקסטרע־בריוו? און וואס כ׳האב געקריגן צוויי העפטן צום שרייבן, א בלייפעדער און א גומקע; וואס איך טאר ניט באקומען קיין טעגליכע צייטונגען, דארף דיך ניט חידושן. איך בין צופרידן, און דו מוזט אויך זיין צופרידן, וואס איך מעג לייענען א וואך־צייטונג — אמת! . . . לוקוי האט איר באקוקט? עס דארף זיין א גאַנץ פריינדליך שטעטל. פון דער גרויסער קירך קלינגט צו מיר דער זייגער יעדע שעה און יעדע פערטל שעה, בטאג און באנאכט, און רעגולירט מיר מיין לעבן. צי איז דער שפּאַצירהויף ניט, באמת, א חיות — גרויס, א סך גוטע לופט! פיל בעסער, איידער דער הויף פון דעם מיליטערישן ארעסט־הויז.

דערפאר האלט הויך דעם קאפּ. איר האָט זיך ביז איצט אזוי מוטיק געהאַלטן, און דאס איז געווען מיין שטאלץ — טוט אף להבא דאָס אייגענע. און אויב דאס קומט אן אמאל שווער, פאַרבייסט מען די ציין — און אלץ גייט כשורה, גייט בעסער און גיכער, ווי מען רעכנט אליין. היינט זיינען פון 4־טן נאוועמבער אן ״אַראפּ״ 68 טעג, דער טייטש איך זיץ שוין בס״ה, אַ· 4, 21./1. פון די פיר יאר, און כמעט 8 1/2 חדשים. ווי ווילד גיך איז אוועק אט די צייט.

און מיר זיינען דאך ניט אפּגעריסן אינגאנצן איינער פון דעם אנדערן. אין דרינגיקע פאלן מעגט איר דאך שרייבן, און איך אויך, חוץ דער צייט. און אין גאַר, גאר דרינגיקע פאלן מעגט איר קומען צו מיר צו גאסט חוץ דער צייט אויך — ווי א יוצא מין הכלל. אט דאס דארף דאך אויך זיין פאר אייך א שטארקער מאטיוו זיך צו בארואיקן; אבער, געוויינטליך: נאר אין באמת דרינגיקע פאלן. — כ׳האב זיך אזוי געפרייט, בשעת כ׳האב זיך דערוואוסט פון העלמי׳ן, אז דו ווילסט ווידער האלטן רעפעראטן איבער דער געשיכטע פון קונסט. קינד מיינס, קינד מיינס, מאך דאס ניט אזוי אוועק מיט דער האנט, ווי דאס איז געווען צו פארשטיין פון דיינע רייד מאנטאג. האלט זיך אן דער וויסנשאפט שטארק, שפּאַר זיך אן אף איר, האב זי ליב, ווי א זאך, וואס פאַרבייט מיך — ביז אונזער צייט וועט זיך ווידער אנהויבן, ביז אונזער זון וועט ווידער אויפגיין. וואס פאר א טיפן גליק קאן מען געפינען אין דעם. לייען — כ׳האב זיך דאס גוט באקלערט — לייען לעסינג׳ס פּראָזאַאישע ווערק [דראַמאַטורגיע, בריוו וועגן דער נייער ליטעראטור, און די אלטווארג]. די קלארקייט

פון זיין גייסט׳ וואס לייכט אַלץ אדורך׳ דער כוח פון זיין דיאַלעקטיק׳ די עלעגאנטקייט פון זיינע באוועגונגען׳ די קורצקייט און די וואַגיקייט פון זיין סטיל׳ דאס סוווערענע געוועלטיקן איבער דער וויסענשאפט׳ זיין לומדות — דאס אלץ האט נאך בא היינטיקן טאג זיין כשוף — ס׳איז ניט לאַנגווייליק׳ פארלאז זיך אף מיר · · · לייען מיט העלמי׳ן „לאַאָקאָן״׳ דו וועסט זיך מהנה זיין׳ און איר וועט ווערן נענטער איינער צו דעם אנדערן׳

אויב ס׳האַט מיך מאנטאג׳ א ביסל פארדראסן׳ וואס דו האסט נאך ניט דורכגעקוקט די צוויי אַיבערגעלאזטע פאַפקעס׳ טארסטו זיך אף מיר ניט בייזערן׳ עס ליגט אינעווייניק א באזונדערער קאנ־ווערט מיט די נאטיצן וועגן דעם׳ וואס כ׳האב געלייענט׳ און א פאר צעטלעך׳ כ׳בעט דיך׳ נעם עס אונטער דיין השגחה — לאז דאָס ניט גיין פארפאלן׳ און אויב איך בין עפּעס געווען בייז צוליב די רובריציר־ארבעט׳ * זיי מיר מוחל׳ האַרץ מיינס׳ פארשטיי׳ אז מיינע געדאנקען זיינען איצט דערצו צוגעשמידט׳ ביז איך וועל ניט וויסן׳ אז די ארבעט איז פארטיק׳ פארטיק ! און אף גיך׳ אף גיך׳ דערמאַן זיך׳ וואס פאר א טירחה עס ליגט אין זיי׳ וואס פאר א פּיין ! איז דאס אלץ געווען אומזיסט ? עס ליגט שוין אין דעם אסך מי׳ און דו ווייסט׳ אז פאר מיר זיינען די הגהות און די אנמערקונגען באזונדערס וויכטיק׳ כ׳וויל דיך׳ באמת׳ ניט מאטערן׳ אבער דאס וועט דיך בארואיקן אויך׳ לאז זיך קיינעם ניט אריינמישן — אניט וועט דאס זיין א פארשלעפּעניש אָן א סוף׳ ווייל אנדערע פארשטייען דאס ניט ! נאר דו פארשטייסט עס׳ נאר אף דיר פארלאז איך זיך׳ דער יונגער פראנץ ** קאָן דיר׳ סיידן׳ העלפן : ער איז געניט אין דעם׳ כ׳בעט בא דיר׳ הייסט עס׳ גארניט: זארג נאר וועגן זיך׳ און וועגן די קינדער און וועגן אט דער ארבעט׳ וועגן וועלכער איך טראכט כסדר׳ דו לייענסט דאך מיינע בריוו געַנוי ! ווייל מיר מוזן דאך איצט אפּמעסטן און אויסרעכענען יעדעס ווארט — בעת מיר האבן פאר־זיך אזוי ווייניק ווערטער · · · מיינע אקטן׳ אין וועלכע ס׳איז שוין אלץ דא׳ האסטו מאנטאג מיטגענומען׳ לייג זיי אוועק בא איינעם א פריינט —׳ בא וועמען׳ איז גאנץ גלייך · · ·

* דער דרוק פון די פראצעסאקטן „Zuchthausurteil“.

** פראנץ פפעמפערט׳

דו קאנסט זיך פארשטעלן, ווי שטארק כ'האב זיך דערפרייט מיט טעדעל'ס און לו'ס יונגי. פון ט. איז אנגעקומען א בריוו מיט גע־רוסן פון לו און לאָטע'ן. גיב זיי איבער דאס צעטל, וואס ליגט דערביי.

און נאָכאמאל צו דיר: ווען פארסטו זיך אפרוען? איצט איז די צייט ניט שטארק פּאַסיק. אָבער די צייט מוז קומען, אמת? אזוי בּלייבט עֶס. דו טארסט אונז ניט קאליע ווערן, טייערינקע; דו ווייסט דאך, ווי איך בין צו דיר צוגעבונדן און ווי איך ציטער פאַר דיין געזונט. וואלט איך דיר נאר געקאנט מער העלפן! אין א וואך ארום איז דיין געבורטס־טאג; ווי אפט אזוי, וועסטו זיין — איינער־אליין — אן מירי. כ'וועל וועגן דיר טראכטן נאָך מער, ווי אלעמאל, — כ'וועל דיר שיקן קושן דורך דעֶר ווינטערדיקער לופט, און ווינטשן דיר אלץ, אלץ, וואס דו ווייסט אליין; ווינטשן אויך, וואס איז שייך צו דיין מוטער, אַדאָלפ'ן און די שוועסטער — און ווינטשן רו און שלום, גליקליכע אחדות צווישן דיר און צווישן די קינדער, וואס האבן דיך האָלט און וועלן דיך אלץ העלטער האבן. העלמי וועט זיין שטארק — זאג אים דאס — עֶר וועט זיך אפּ־פאַרטיקן מיט דער וועלט. אף אַזא אופן איז מען עוקר מן השורש דעם פעסימיזם. קעֶמפן — און הארט און שטאלץ זיין — מעג זיין, וואס וועט זיין! זאל פונדעסטוועגן דער 18־טער באַ אייך זיין א יום־טובֿ. איך קאָן, ליידער, גאָרנישט ניט שיקן — מער ניט אט דעם גערוס, אט דעם וואונטש און טויזענטער קושן, טויזנטער מאל דיך קושן און דיך ארומנעמען — איך גלעט דיין שטערן — זיי רואיק, טייערסטע, און שטארק — „Nil admirari,* און; "si fractus illabatur orbis impavidum feriunt ruinae — impavidum et impavidam. —"** אזוי בּלייבסטו די זיגערין, וואס עס זאל ניט זיין.

אל'דאס, אל'דאס גוטס און נאכאמאָל א סך, א סך קושן דיר און די קינדער

דיין געטרייער קארל.

---

* פון קיין זאך ניט נתפעל געווארן.

** „און אויב די וועלט זאל זיך א טרייסל טון און חרוב ווערן, וועלן דעם באהארצטן ארויסטראגן די חורבות — דעם באהארצטן און די באהארצטע". הארץ.

לוקוי׳ דעם 21־טן יאנואר 1917.

טייערע מיינע!

איך ענטפער דיר ערשט היינט· אף בריוו׳ וואס זיינען א חוץ דער נארמאלער צייט׳ דארף מען אלעמאל בעטן די ערלויבעניש שבת;—סיידן אין די סאמע דרינגיקע אויסנאמס־פאלן; און דערצו דארף מען וועגן דעם מאכן א מעלדונג דאנערשטאג אדער פרייטאג. כ׳בין געווען שטארק אין ספק׳ צי האט מען דא צו טון מיט אן אויסנאמס־פאל און כ׳האב זיך ערשט אייערנעכטן געמאלדן אף א ״שמועס״ — דער הער דירעקטאר האט מיר געגעבן צו פארשטיין׳ אז ער וואלט עס געהאלטן פאר אן אויסנאמס־פאל. בקיצור: זיי מיר מוחל׳ וואל איך פארנעם זיך אזוי פיל מיט דער דעפוטאטן־קאמער — כ׳מוז.

און אט וואס [עס גייט ווייטער די באשרייבונג פון די פאפ־קעס און פאליצעס׳ וואו עס געפינען זיך די ביכער׳ וואס זיינען אנט־ליגען אין דער דעפוטאטן־קאמער. פ. פ.] כ׳האף׳ אז אט די וואונקען וועלן פאר דיר זיין גענוג׳ כדי צו מאכן לייכט דעם ענין; ס׳ארא פארדרוס׳ אז דו האסט נאך צו דאס אלץ׳ אזוינע קאפ־דרייענישן.

. . . וואס איז שייך די ארדנונג פון דער ״ביבליאטעק״ [אן אפגערדטער צייכן פאר די פובליקאציע פון די פראצ־אקטן . . . פ. פ.]׳ רעכן איך זיך דוקא מיט דיר אויך. אז איך זאג דיר ענער־גיש: דו ברעכסט זיך צופיל דעם קאפ און מאכסט זיך אליין שווער די ארבעט׳ לייגסט זיך איינער אליין שטיינער אין וועג — און אן קיין שום פראקטישן חוש. דו לאזט זיך העלפן און ביסט זיך מיישב מיט מענטשן׳ וואס טויגן לחלוטין ניט דערצו און וואס זיינען פאר דיר נאר א מניעה... פארוואסזשע הערסטו אזוי גוט ווי גארנישט מיין עצה און מיינע בקשות אין דעם פרט? . . כ׳ווארט איצט אף געוויס און ״קאטעגאריש״׳ אז דו וועסט מיר געבן צו וויסן אין דיין רעגולערן פעווראל־בריוו׳ אז די ארבעט איז פארענדיקט — ס׳איז אבסאליוט נויטיק צו מאכן דערמיט א סוף: צוליב דיין צושטאנד אויך׳ שוין ניט גערעדט וועגן מיר — וועט זיך עס ניט איינגעבן׳ זיינען אין דעם שולדיק נאר די גוטע פריינט!

יא׳ טייערסטע׳ איך פיל׳ ווי דו ביסט פארמאטערט. איך בין דאך לעבן אייך׳ כאטש איך בין אין דער קאמערע און הינטער

אייזערנע שטאבעס, און אפגעריסן פון דיר. איך כ'פריי זיך אזוי, וואס דו האסט א חוש פאר מוזיק, — דו ווייסט, ווי איך פלעג דיך אלעמאל רופן — בשעת איך פלעג שפילן? כ'האב געפילט, כאטש דו האלסט זיך פאר ניט־מוזיקאליש — אז דאס „דעמאנישע" דאס באמת טיף־מיסטישע אין דער מוזיק דרינגט אריין טיף אין דיר; לאז זיין, דו ביסט עס תופס ריין אינסטינקטיוו; אבער אין דעם רושם, וואס די מוזיק מאכט איז דאך טאקע אויך פאראן — גאנץ אלגעמיין — א מעכטיקער, מען קאן כמעט זאגען, א פיזיאלאגישער עלעמענט.

. . . כ'וויל אייך אויפמערקזאם מאכן אף די יוגנט; קיינמאל האט איר ניט געטארט פארגעסן זיי צו באזארגן מיט א גוטן לייען־מאטעריאל, און בא היינטיקן טאג — ווייניקער, ווי אלעמאל, גיט וועגן דעם א קלער זעער ערנסט — דו ווייסט, איר ווייסט אלע, ווי דאס איז מיר שטארק איינגעבאקן אין הארצן, דוקא ארום דעם דרייען זיך גאר אפט מיינע געדאנקען — און דווקא איצט — בעת איך קאן זיך מיט א התמדה אריינטון — אמת נאר צו פערטל שעה — אין די ביכער — [דא רעדט זיך וועגן גרינדן א זשורנאל פאר יוגנט פ. פ.] דיין געבורטסטאג איז שוין [אריבער — ווי איז עס דורך? ס'ארא משא דו האסט געמוזט אריבערטראגן דאס יאר! וואלט איך כאטש אף א ווײַלע דיר געקאנט גלעטן דיין עלנט, אויסגעמאטערט קעפעלע — און שענקען האב איך דיר גארנישט ניט געקאנט — און די קומענדיקע יארן וועט אויך גארניש ניט זיין, —

איצט קומען אן די געבורטס־טעג פון די קינדער נאך־דער ריי, כ'קאן זיי אף־פאראויס נאר ווינטשן אלץ, אלץ, און זיי שיקן, אלע קושן, וואס געפינען זיך אין רשות פון א פאפא בא אזא מצב. אויב בא א מתנה זאל זיין די רייד וועגן א בוך, איז מיין עצה, — א געשיכטע פון דער דייטשער ליטעראטור, [שערער? ווילמאר? מערינג וועט געבן אן עצה] ווי צו ביטל, וועלן, די קינדער זיין קלוגינקע, און זיי וועלן זיך באוואוסטזיניק אונטערוואַרפן אונטער דער באגרע־נעצונג, זיי וועלן האבן אלץ מער פארשטאנד פאר א העכערן מאָ־ראלישן קוק, און צו מיין גרעסטער שמחה, האבן זיי עס שוין, און די יינגלעך — אין אזא מאס, וואס דארף צופרידן שטעלן באָבי'ס רייד, וואס האבן דיך אזוי דערפרייט, דארף מען טאקע באגריסן נאר פון דעם

שטאנד־ פונקט, ווי א סמן פון א נאטור, וואס איז גלייך תופס.

... היינט באנאכט איז מיר געקומען צו חלום מיין מאמע — און מערקווירדיק — הגם דו האסט זי ניט געקענט — זי איז געווען מיט דיר און מיט די קינדער, ווי איך, ווי מיר אלע זיינען געווען מיט אונזערע עלטערן, מיט אונזער מוטער, קאן מען מיט ווערטער ניט באשרייבן. דאס דערקלערט זיך מיט א סך טעמים, אויך דערמיט, וואס מיר זיינען אויסגעשטאנען צוזאמען א ים צרות און פארפאלגונגען, און באמת — עס איז פאראן אזא בחינה און אזא מין ליבע, וואס איז שטארקער, ווי דער טויט, וואס איבער איר האט דער טויט קיין שליטה ניט — דער געשטארבענער בלייבט לעבן א לעבעקידער אין דער השגה און אין דעם געפיל פון די איבערגעבליבענע. אזוי איז געווען בא מיר מיט מיינע עלטערן — זיי זיינען ניטא נאר אין דער רגע — און אפילו דאס אויך ניט. אזוי איז, געוויס, בא דיר אויך מיט דיין טאטן און בעבע'ן.

נאך א פאר קלייניקייטן:

1. דערבײ א מעלדונג פון 2. לאנדגעריכט, אז מען האט מיך אויסגעשטריכן פון דער ליסטע פון די אדוואקאטן. לייג עס אריין אין מיינע האנט־אקטן. ערשט איצט איז שוין אלץ דא: אויסגעשלאסן פון סאלדאטן ־ שטאנד — פון די פארלאמענטן — פון דער אדוואקאטור —אן עק—.

2. צייטונגען — די וואך ־ אויסגאבע פון בערל. טאגעבל. פון 12. 26. האסטו ניט צוגעשיקט ! —

3. שיק פאר מיר קיין לוקוי א פארציע פעדערן.

4. שיק צו צאן־פולווער, אבער ניט דר' פיער'ס — נאר שלאם־קרייד : דר' פיער'ס איז צו ווייך.

5. געלט [10 מארק] האסטו געשיקט.

6. שיק דאך צו א שטיק זייף — אפשר וועל איך עס קריגן, אויב ס'וועט דא אויסגיין איצט, טייערע — א סוף. דער בריוו מוז אוועק. מיר איז גאנץ גוט. ניט געדאגה'ט ! זעט זיך נאר גוט צו דערנערן — עס וועט נאך ווערן ערגער — צוקער—צוקער. —

דער קאפ איז בא מיר פול מיט געדאנקען — און דאס הארץ ווערט ממש צעשפרונגען. וואלט איך אייך נאר געהאט דא — וויפיל וואלטן מיר דא געקאנט לערנען און פאנטאזירן — וואס וואלט



קארל ליבקנעכט 18 יאר אלט.

איך דוקא איצט געקאנט זיין פאר די קינדער!

נאָר — * par distance — לאזט זיך עס אויך — אויב עס פעלט ניט אויס דער ווילן און די קראפט — און זיי טארן ניט אויספעלן. —

איך קוש אייך און נעם אייך ארום — דיך און די קינדער

דיין קארל — אייער פּאַפּאַ.

איך גערים אלע קרובים און אלע גוטע פריינט.

שיק אפשר צו ווונדט׳ס "פיזיאָלאָגישע פּסיכאָלאָגיע" אבער ס׳האט צייט.

לוקוי 11־טן פעברואר 17.

מיין טייער, טייער קינד!

... דיין בריוו רופט בא מיר ארויס אומרו און דאגות — אומרו און דאגות פיל איך אין יעדן ווארט. ווי קאנסטו עס, הארץ מיינס, מיינען אז כ׳האָב דיר "געסטראשעט", איך האב דיר כלומרשט "געסטראשעט" **. פילסטו דען ניט פון מיין גאנצן מהות, פון מיין גאנצן פילן און טראכטן און פון אלץ, וואס עס איז אין מיר, אז בנוגע צו דיר איז עס לחלוטין ניט מיגליך. דו ווייסט דאך, ווי איך בין צוגעבונדן צו דיר, צונויפגעשמאלצן מיט דיר ... פארשטייט זיך, ווי מען קאן זיין אויפגעקאכט אף זיך איינער־אליין אזוי וואלט איך געקאנט אין א רגע פון כעס, אזוי קאן איך אויך עפעס האבן צו דיר: ווי צו א טייל פון מיין "איך"; פון דעם לייד איך, ווי דער געפייניגטער אליין, ווי דער באליידיקטער גופא, און דו דארפסט דערפאר פילן, אז איטליך ווארט, אז יעדער ציטער פון ניט־צופרידענקייט, וואס איז כלומרשט קעגן דיר, עקבערט, באמת, מיך איינער אליין, און דו טארסט ניט דאגה׳ן און דו דארפסט זיך ניט פילן באליידיקט דורך מיר — ניט דיך איז מען אויסן ... וואס דארף עס באטייטן: דו ווילסט ניט פאר דיין אוועקפארן קומען צו מיר? דו האסט מורא, אז כ׳וועל האבן פארדרוס, וואס די ארבעט איז ניט פארענדיקט. יאָ, די ארבעט איז פאר מיר מוראדיק וויכטיק; חוץ דיר און מיר, קאן קיינער ניט באגרייפן, וואס עס ליגט אין דער ארבעט, און

---

* פון דערווייטנס.

** וואס עס דויערט אזא לאנגע צייט דאס אפדרוקן די אקטן. פ. פ.

איצט — מער ווי ווען ניט איז: זי איז פאר דיר און פאר מיר א גאנץ שטיק פון פריערדיקן, איצטיקן און קומעדיקן לעבן. און נאר אין דעם פרט קאנסטו מיר איצט העלפן. מיין „סטראשונעק" [איך האב קיין השגה ניט, וואס דו האסט אזוי אויסגעטייטשט] נעמט זיך פונ'ם איבערקלערן, טאמער וועלן די עיצות פון גוטע פריינט שטערן און פארציען דעם ענין! דאס מעגן אפילו זיין די בעסטע גוטע פריינט, און זיי קאנען דער־ביי האבן די בעסטע כוונות! אבער אין דעם פרט האבן זיי אן אנדער קוק ווי איך [און אין תוך—ווי דו]; איך האָב מורא געהאט אפשר קאנסטו אמאל גאר ווארטן אף זייער הילף, אפילו ווען דאס וואלט געדויערט א לאנגע צייט. אבער אויב כ'פאַרשטיי נאר דעם בריוו, קאן וועגן דעם שוין קיין רייד ניט זיין, פון בריוו איז צו זען, אז עס האנדלט זיך איצט נאר וועגן בעל־מלאכה ארבעט. דיין ארבעט איז פארטיק, לחלוטין פארטיק. צי פארשטיי איך דיך גוט? דער עיקר — איז פארשטיי עס, טייערע מיינע — אז דיין ארבעט איז פאַרענדיקט, אז די פארטיקע ארבעט קאן אויסגעפירט ווערן לכל הפחות אין עטליכע ביישפילן, — אין א געוויסער מאס, ווי א מאָדעל. דאס איבריקע האט דעמאָלט — באַין־ברירה־צייט. אזוי פסקן איך, און אזוי וועסטו עס טאקע מאכן: — נאך פאר דיין פאָרן, און שוין צוליב דעם אליין — וואס פאר אן איינפאל, טייערסטע, ניט וועלן קומען צו מיר! „מורא צו האבן פאר מיין קנייטשן דעם שטערן", פונקט ווי כ'וואלט געווען א הירקאַנישער לייב, וואס ברילט — בלוט און טויט אין זיינע פייערדיקע־אויגן, שטותערייע־, אמת? דו קומסט, דו מעגסט קומען [אויב מיגליך, שבת, ווייל כ'בין דעמאָלט ראַזירט], בעט פריער אן ערלויבניש אף דעם טאג, דו וועסט עס תיכף קריגן, דו מוזט קומען, מוזט, טייערסטע, מוזט צוליב מיר און צוליב זיך, דאס וואלט געווען אן אימה'דיקע פיין פאר דיר און פאר מיר אויך, ביז יולי זיך ניט זען! דאס וואלט באטייט פארדרייפאכן מיין שטראָף און, כ'ווייס עס — מאכן צו נישט דיין אָפרו. דו מוזט הייסט עס, קומען, דאס מאל — אליין, אזוי, אז מיר זאלן זיין נאר זאלבע־צווייט. און אין אפריל וועלן קומען די קינדער, אין א דרינגיקן פאל — זיי אויך אַפריער . . . פאר די קינדער, וואס זייערע בריוו האבן מיך זעער דערפרייט, טו איך אלץ,

* דערווייל אפדרוקען א קליינע אויסגאבע, פ פ.

וואס איך קאן נאר· [העלמי׳ס בריוו איז זעער כאראקטעריסטיש פאר זיין איבערגאנגס־צושטאנד· צו וועלכן איר דארפט זיך באציען ערנסט! מיט אן אימהיד׳קער מאכט הויבט זיך איצט אן בא אים מיט אמאל — דער אייז־גאנג]·

· · · מיט דעם דוחק אין לעבנס־מיטלען איז דא גאר א צרה און די צייט פון די פרעסט איז געווען גאר מיאוס! דא איז גע־ווען ביז 23 גראַד· וועגן מיר אבער קלערט ניט א סך· בשעת הדחק ראטעווען מיך די פרייע איבונגען· מיינע בײדע ארבעטן גייען גוט·

· · · מיך אינטערעסירן· דער עיקר· די תנאים פון דער אנט־וויקלונג פון די· אזוי־אָנגערופענע· אידעאָלאָגיעס—למשל פון דער קונסט; אונטער דעם פארשטיי איך· געוויינטליך· מאלעריי אויך· פון דער צייט פון דיין דאָקטער־עקזאמען כאַפּ איך זיך דערמאנען· מעשה דילעטאנט· ווי אזוי די חלל־[אין־דער־טיף] פּערספעקטיווע מיט אירע דריי אויסמעס־טונגען האט זיך אנטוויקלט פון דער שטח־פערספעקטיווע מיט די צוויי אויסמעסטונגען—פון דער ביזאנטישער מאלעריי [דאכט זיך· דאס רוב אף א גאלדענעם פאן]; אף וויפיל איך ווייס· שפילט דערביי טשימאַבו א גרויסע ראליע· דאס איז· הייסט עס· די טעמע· וואס איך פארצייכן פאר דיר אף א באזונדערן צעטל· חוצדעם· האב איך טעמעס פאר אָטאָ׳ן און פאר קורט׳ן אויך; איך שיק עס מיט; זיי אזוי גוט און גיב זיי איבער· כ׳וואלט געווען זעער צופרידן· אויב מיר וואלטן אף אזא אופן געקומען צו א בשותפות׳דיקער סיסטעמאטישער וויסנ־שאפטליכער ארבעט · · ·

· · · מיין עלנטע געמאטערטע· עלנטע געליבטע! וואלסטו געווען בא מיר· ווי וואלט איך דיך געגלעט און געווארעמט! און דו וואלסט געווארן רואיק — שטארק· וואלסט געשמייכלט· טריאומפירט איבער אלע ליידן — טראכטנדיק וועגן דאס גאנצע· וועגן דאס גרויסע· וועגן דעם אין־סוף· —

באטראַכט זיך: היינט זיינען אראפּ 100 טעג פון 1460 און ווי גיך דאָס איז אוועק· און באלד וועט אלץ· אלץ ווערן אנדערש· און ס׳ארא געוואלטיקע שמחה וועט עס דעמאלט זיין!

דו וועסט זיין גליקליך· מיין עלנט פייגעלע — גלויב אין דעם· און דאס וועט ווערן אלץ גיכער· די צייט קריגט דעמאלט פליגלען

— ווי פריי פיל איך זיך שוין איצט, בעת איך טראכט וועגן טאג, ווען מיר וועלן ווידער זיין צוזאמען, זיי רואיק, קינד מיינס — דאגה ניט וועגן מיר! איך קוש דיך און נעם דיך ארום — קום אף גיך, כ'בעט דיך אף גיך, צו דיין קאַראַלוס'ן, וואס טראכט וועגן דיר, וואס חלומט וועגן דיר, א סך גערוסן און קושן פאר אלע קרובים.

לוקוי 17. 2. 11.

מיין טייערסטער העלמי!

א גרויסן דאנק דיר פאר דיין בריוו; אף אים וועל איך געגוי ענפערן אין מערץ, היינט וועל איך דיר שרייבן וועגן דער שול.

איך דערוויס זיך פון סאניען און פון דיר, אז ס'האלט דארטן שלעכט, און צום סוף קאנען גאר זיין מניעות בא'ם אריבערגיין אין ווייטערדיקן קלאַס, און איך דערוויס זיך פון אייך ביידן, אז די סיבה איז נ י ט דאס, וואס עס איז דיר צו שווער, נאר וואס דו ארבעטסט צו ווייניק, און דאס ווייס איך איינער־אליין אויך.

. . . מיין ניט, אז איך פארשטיי דיך ניט און דיין איצטיקן צושטאנד: די קנאָספּן לאזן זיך פאנאנדער — אלץ טרייבט, יאָגט — שוימט אריבער און זוכט זיך א וועג — און מען איז אזוי פול מיט פאַר־געפילן, אזוי גליקליך און אין דער אייגענער צייט פארקלעמט — אלצדינג מאטערט, ווייל עס לאזט זיך ניט משיג זיין: די כוחות שפּירן, אז זיי זיינען נאך ניט צייטיק פאר דער גוואלטיקער עובדה, און זיי קאנען טאקע נישט זיין צייטיק, פון פינצטערקייט פאלט מען, טאפּנדיק צו ליכט, אלץ מער אין דער פינצטערניש אריין — ביז וואנען מען דערגייט די רעלאַטיווקייט פון דעם גאנצן מענטשנס וויסן, און אנדערע באַגערן דערוועקן זיך — דער באגער, ניט נאר צו פארשטיין די וועלט אדער א שטיק פון איר, נאר זי גובר צו זיין, איינצונעמען; — און די ערשטע קערנדלעך פון יענער פארבארגענער בענקשאפט אָן א סוף — ביז זיך צו פארגעסן, וואס מען רופט ליבע.

און אין דאס אלץ שטייסטו איצט, קליין בחורל, אָן מיר — וואס וואלט דיר געקאנט ווייזן די וועגן פון לאבירנט־ארויס, וואס וואלט דיך אפּגעהיט פון די בלאנזשענדיקע פייערלעך — דו, קליין בחורל, דו ביסט אזוי ווי א זומער־פייגעלע, וואָס איז אָקארשט ארויסגעקראכן — אינ'ם קעסל־גרוב פון

א טאַיפון ··· בין איך דען א פיליסטער ? קיין איין מענטש ניט פון דרומ־דיקן ביז צום צפונדיקן פּאָל האט זיך עס ניט דערוועגט צו זאגן, פארלאז זיך אף מיר, אף מיר, אף דיין טאטן, וואס האפט שטארק אף דיינע פעאיקייטן און אף דיין עתיד, און וואס זיין לעבן וואלט געווארן צו נישט, אויב פון די האפענונגען וואלט זיך גארניט ארויסגעלאזן.

קיינער פאדערט ניט, אז דו זאלסט אויפטון עפעס אויסטער־ליש, דו דארפסט נאר—און דאס איז דער חוב פון איטליכן מענטשן בנוגע צו זיך און צו די ארומיקע — פאנאנדערוויקלען דיינע כוחות, לויט די כוחות נאך — אויסנוצן קלוג און עקשנותדיק דעם טאלענט, וואס ליגט אין דיר.

די שול! — דו האסט א טעות, בעת דו רופסט זי אן לאנגווייליק — מיגליך, אז דער אדער יענער לערער איז טאקע לאנגווייליק — פונקט ווי אין אוניווערסיטעט, אפשר נאך ניט אזוי שטארק — אבער ניט ד א ס איז די שול —, די שול: דאס זיינען די למודים, די וויסנשאפטן, וואס איר לערנט דאָרטן, דאָס איז געשיכטע, געאגראפיע; דאס איז מא־טעמאטיק, דאס איז פראנצויזיש, ענגליש — אויב דו ווילסט, העב־רעאיש! דאס איז דער לימוד פון דייטש, וואס עפנט פאר דיר אויף די ווייטסטע פּאָרמען פון האריזנטן, ניט אויסצומעסטן, וואס גיט דיר פאר א גוטן פריינט — א געטע׳ן, א שילער׳ן א לעסינג׳ן א הערדער׳ן א קלאָפּשטאָק׳ן א. א. וו.

און גריכיש, לאטיין, דאס איז לאנגווייליק? די שפראכן זיינען די סאמע אינטערסאנטע פראדוקטן פון מענטשנס גייסט — זייער דערקענטניש, זייער אנאטאמיע, זייער פאנאנדערגלידערונג לויט זייער געביי — דאס איז זייער גראמאטיק און סינטאקסיס; פונקט ווי די אַנא־טאמיע באם גוף פון חיה, דו האסט קיין השגה ניט פון דער פלאים־וועלט, וואס עס עפנט אויף פאר אונז די פארגלייכנדיקע שפראך־וויסנשאפט? איך האב זיך תמיד דערמיט אינטערעסירט אזוי שטארק, אז איך האב ניט גע־קאנט פארשטיין, ווי אזוי קאנסטו רעדן וועגן לאנגווייליקייט.

אבער קודם כל: העראדאט, קסענאָפאָן, טוקידידעס, דעמאָסטענעס, און דער געטליכער פּלאטאָ! האָמער — אָט דאס זיינען געווען די גריכן, וואס מיר האבן געלייענט.

און קאָרנעליוס נעפּאָס, צעזאַר, ליוויוס, סאַלוסט, טאַציטוס,

אָווידי, ווירגילי, קאַטולי, האָראַץ — אָט דאס זיינען די רוימער, וואס מיר האבן געלייענט.

נעם אריין אין האנט א געשיכטע פון דער קולטור, פון וויסנשאפט, פון קונסט, פון ליטעראַטור — אָט די שטערן לייכטן דארטן. שוין טויזנטער יארן לייכטן זיי. און זיי וועלן נאָך לייכטן טויזנטער יארן ... באקענסטו זיך מיט זיי ניט איצט — וועסטו זיי קיינמאל ניט קענען, דו וועסט אן א תהום — פאר׳ן גאנצן לעבן.

מיט וואס פאר א חשק וואלט איך דא געלייענט מיין ווירגיל׳ן, האָראַצ׳ן האָמער׳ן סאָפאָקלעס׳ן פלאַטאָ׳ן, ווי לעבעדיקע שטייען פאר מיר ווידער א סך האָראַץ׳ס אָדן, זיי קומען צוגיין באנאכט אין די לאנגע, לאנגע נעכט און העלפן מיר פארברענגען די צייט — ווי גליקליך וואלט איך געווען, ווען מיין אוצר פון אזוינע ידיעות וואלט געווען צען מאל אזוי גרויס, — אזוי גרויס, ווי בא לעסינג׳ן.

אויב דער שטייגער לערנען איז פעדאנטיש — קאנסטו עס אליין מאכן פריש און זאפטיק. אויב די טעמע, וואס מען בארירט, אדער דאס שטיק פון אויטאָר איז ענג, אפגעריסן, קאנסטו עס אליין מאכן ברייטער. טו, וואס עס לאזט זיך נאר!

גראמאטיק, די פאקטן, דאטן, צאלן, ווערטער, — זכרון־אלטווארג: ווי טרוקן דאס זאל ניט זיין, איז דאס פאָרט די מאטעריע, פון וועלכער עס פאָרמירט זיך דאס גאנצע וויסן, די גאנצע וויסנשאפט־ליכע דערקענטניש — אזוי ווי די פעטער׳סקירך אין רוים, און די ריימסער קאטעדרע זיינען צונויפגעשטעלט פון הארטע, נישטיקע „טרוקענע” שטיינער, —

מיין ליבער העלמי! געדענק, וואס דאס באטייט אלץ! זאפּ דאס אריין אין זיך און טו עס, מיט דער איבערצייגונג אינ׳ם אינעווייניקסטן אמת — אינ׳ם מוז: צו פאלגן די דאזיקע עיצות פון דיין טאטן אזוי ערנסט, — ווי ערנסט עס איז זיין כונה, און נאך עפּעס: באַקלער זיך, וואס באטייט עס, אז איר קאנט איצט זיין אין גימנאזיע, וואס פאר אימהדיקע קרבנות קאסט עס — אנדערע מענטשן, זאל דאס אלץ גיין לאיבוד?

איב זיך א ביסל אין זינגען [שובערט׳ס לידער], דיין האנט־שריפט איז באמת ניט שיין — אגב מיינע אויך ניט — אבער די סיבה איז די שלעכטע באלייכטונג און די קעלט.

איך האב מורא פאר אייער דערנערונג — ווען מיר דאגהט ניט. נעם דאס אלץ אין אַכט — כ׳האָף אף א גוטע בשורה; נאר ניט קיין וועלט־שמערץ! וואס געפערליכער און ערנסטער דער גורל — אלץ שטארקער איז דער חוב אים בייצוקומען. און תמיד זיי וויסן: דו ביסט ניט אָן א טאטן — כאטש איך בין אין דער תפיסה...

איך קוש דיך מיין קליין, גרויס בחורל — און איך טראכט תמיד וועגן דיר — וואס עס זאל ניט זיין. —

דיין פּאַפּאַ.

מיט׳ן גליטשן זיך אף די אָזיערעס באַ אן אָדליגע דארף מען זיין שטארק אפּגעהיט! פארזיכטיק! דאס אייז ווערט צעקראכן — פּאָרן זאלט איר נאר, וואו די פּאָליציע דערלאזט. און נאר אזוי לאנג, ווי זי דערלאזט.

צו ווערע׳ן לוקוי, דעם 18־טן מערץ 1917.

מיין קליין, זיס קעצעלע!

דיין בריוו פון 7־טן פעווראל, וואס איז שוין איצט באלד 6 וואכן אלט, איז געווען גאָר פיין. כאטש די לערערקעס אין דער נייער שול זיינען אפילו שטרענג, גיב אכט: אינגיכן וועסטו זיך צוגעוואוינען. זיי נאר פלייסיק און א וואויל מיידל, דעמאלט וועלן דיך די לערערקעס האָלט האבן. און איצט וועגן פסח: אויב איר וועט אין א דריי וואכן ארום קומען צו מיר צו־גאסט — וויל איך זען אייערע צייגענישן — פארגעסט ניט! דו ביסט, הייסט עס, געווען אף "ווילהעלם טעל". זעסטו, מען דארף אף ווי ווייט עס לאזט זיך נאר, אפריער דורכלייענען דאס, וואס מען וויל זען אין טעאטער. אזוי האב איך עס געטון אין נאוועמבער 1915 מיט די יינגלעך: אין לאזארעט, בעת זיי זיינען געווען אַף "שטורעם" פון שעקספּיר׳ן. דאס "גיך־רעדן" וועסטו זיך באלד צוגעוואוינען צו פארשטיין; דאס איז נאָר געניטקייט. דו ביסט דאך נאך אזא קליינעקע! דעם 24־טן אפּריל ווערט דיר ערשט 11 יאָר! מזל־טוב דיר אף־פאָראויס, שוין היינט, כ׳וועל אונטער דער צייט ניט קאנען מער שרייבן, און שוין איצט שענק איך דיר פונקט 100 אפּגעציילטע קושן — אַ חוץ דעם האָב איך, ליידער, גארנישט ניט. איך בין אומרואיק, וואס דו האסט צאן־ווייטאָג; דאס

נעמט זיך פון דער שלעכטער דערנערונג, אבער פון ניט אפהיטן אויך: היט זיי אפּ ווי געהעריק, רייניק זיי יעדן טאג צוויי מאל, און עס און טרינק — ניט צו הייס און ניט צו קאלט. איצט וועגן גליטשן זיך — זיי פאַר־זיכטיק בא דער אָדליגע, לייען, וואס כ'האב געשריבן וועגן דעם באָבי'ן. דיין קליינעם נייעם שוועסטער־קינד קארל־אָטאָ האסטו שוין מסתמא מקבל פנים געווען, — ער געפעלט דיר? די ביכער לייען מיט התמדה — ריינעקע'ס מעשהלעך קען איך; „קלאפּפּשטאָק'ן" ניט; „דאס זונטאָג־קינד" אויך ניט; אבער אין דער שול־ביבליאטעק זיינען דאך מסתמא פאראן נאר גוטע ביכער. דו ווייסט אבער, אז מיר האבן אליין אויך אסך גוטע ביכער, וואס די זומערפייגעלעך קריכן שוין ארויס, איז טאקע א פרייד. דו וועסט אפשר אויך פאָרן אף פסח קיין פראנקפורט — גאנץ גוט! — פראנקפורט איז זעער א שיינע שטאָט. אדער אפשר וועסטו נאך דאס מאל אפּווארטן, און גלייך נאך פסח וועט איר קומען צו מיר — שוין איצט פריי איך זיך אזוי, וואס איך וועל אייך ווידער זען מיינע קליינע קינדערלעך, און כ'וועל אייך קאנען קושן. זייט געזונט און ברענגט גוטע צייגענישן און — די בשורה, אז אלע האב פון אייך נחת. דעמאלט וועט זיין אונזער קורצע זעעניש דריי מאל אזוי שיין.

לייען דעם בריוו אינ'ם אפּגעטיילטן ווינקעלע, וואס איז, מסתמא, זעער היימליך; כ'וואלט דיך גרייליך געוועלט אמאל זען, ווי דו הויערסט, און כ'וואלט גאר גרייליך אמאל אראפּגעקוקט אין די פּאַשינגער־גאס. דעם גאנצן ראַיאָן קען איך נאך ניט. איך קוש דיך א סך מאל מיין זיסינקע מיזינקעלע. זיי געזונט.

דיין פּאַפּאַ.

לוקוי, דעם 18־טן מערץ 1917.

מיין טייער הארץ!

ווי גוט עס איז, וואס איך קאן צו דיר תיכף שרייבן נאכאמאל! ווי וואויל עס איז געווען דיין דינסטאגדיקער באזוך. ווי מיר האבן זיך געהאט פאר זיך איינער־אליין — אמת נאר אזא קורצע צייט! דאס איז געווען, ווי דעמאלט אין היידלבערג, ווי אין יענע טייערע — גליקליך־פייניקנדיקע שעהען; און פונדעסטוועגן איז עס געווען אנדערש, שטארקער,

מעכטיקער — ווי דאס האט דיך דערקוויקט! — א כישוף־ברונים האט דיך אפגעפרישט. דיינע אויגן האבן געגלאנצט, — יא — מיינע אויך — זיי האבן געגלאנצט, ווייל זיי האבן דיך אפגעשפיגלט. זיי האבן געגלאנצט, ווייל זיי האבן געלויכטן צו מיין ליבע.

מען וועט דיר ערלויבן עפטער קומען צו מיר איינער־אליין; און איך מיין, אז אף להבא וועסטו שוין דערביי ניט איבערלעבן קיין שום ניט אנגענעמע צווישן־שפילן.

וועגן מיין געזונט קאנסטו שוין — לכל הפחות אין איין פרט — זיין רואיקער, ווי ביז איצט; דיך האט אריינגעבראכט אין א ספק, וואס מען האט מיר פארשריבן מילך — דאס איז געווען נאר על פי טעות. — די דאגה איז פון היינט אן אראפ; דאס האָט געדויערט ס״ה 14 טעג; היינט האט מען בא מיר די מילך ווידער צוגענומען — ניט געבענדיק צו וויסן פארוואס. —

איך גיי אריבער צו געשעפטליכע זאכן [דא גייען ווייטער פארשיידענע בקשות. פ. פ]

. . . אבער איצט אן עק מיט די בקשות! און אַ קלער געטון וועגן דיין נסיעה. מען טאר שוין מער ניט אפלייגן. בלייב דארטן א היפשע צייט און שרייב מיר אף גיך, תיכף, ווי דו קריגסט א דירה, — כדי כ׳זאל קאנען שרייבן צו דיר. כ׳האף, אז דינסטאג ביסטו געקומען בשלום אהיים. איך האב דא אויסגערעכנט די צייט, וואס דו ביסט נאך געווען אין לוקוי, און מיר האט זיך אויסגעדאכט, אז איך זע דיך, ווי דו גייסט צום וואָקזאַל. איך וואלט גרייליך אוועק מיט דיר כאטש אף א פערטל שעה. אבער, קינד, טייערסטע, באטראכט זיך: היינט זיינען אראפ פינף־האלבן חדשים! הונדערטזעקס־און־דרייסיק טעג! פון 1460! דאס איז שוין עפעס! און די צייט וועט לויפן אלץ גיכער. און מיט איינמאל איז זי פארביי אינגאנצן, און מיר שטייען פארחידושט — ווי נאך א פארביי־געבליצטן קוריער־צוג. וואס פאר געהויבענע זאכן האב איך דא געלייענט; כ׳בעט דיך, נעם און לייען דורך וואָלפראם׳ען פאָן עשענבאך, גאָטפריד׳ן פאָן שטראסבורג און וואַלטערן פ. ד. פאָגעלווײדע. דער לעצטער מאכט א גאנץ מאדערנעם רושם און איז בפועל־ממש גרויסארטיק. ער שטייט אף איין מדרגה מיט אונזערע גרעסטע ליריקער און פאליטישע דיכטער [פאַטעטיקער פון העכסטן סטיל.] . . . .

מיר וועלן נאר א סך, אַ סך צוזאמען לייענען — גלייך ווי מיר

וועלן נאר ווידער זיין צוזאמען. איך קאן זיך קוים דערוואַרטן, ס'וועט נאך זיין א סך גליק פאר אונז אלעמען.

זיי מונטער; · · · · איך קוש דיך טויזנטער מאל און נעם דיך ארום, נעם דיך ארום — ווי מירביידע גאר קאנען זיך ארומ־נעמען, גערים הארציק אלעמען.

דיין קאַרל.

לוקוי, דעם 18־טן מערץ 1917.

מיין קליין טייער באָבעלע!

ס'איז אַן „אינדערברייטיקער" בויגן פאפיר — אבער דו וועסט זיך אף מיר ניט בייזערן. איך פריי זיך מיט דער גוטער בשורה פון דער שול, וואס דו האסט מיר געשריבן דעם 3. 8. צי קאן מען זיך אבער אף דעם פארלאזן? אז איר וועט קומען נאך פסח, מוזט איר ברענגען מיט זיך די צייגענישן; דעמאלט וועלן מיר זיי דורכקוקן און באשליסן.

· · · וואס דו גיסט אפ חוצדעם צייט אף האדעווען די זומער־פייגעלעך, פריי איך זיך זייער. אבער כ'האף: 1. אז דו טוסט עס נאר אין דער פרייער צייט, אזוי, אז די שול ליידט ניט פון דעם — און בכלל דיין וויטערדיקע גייסטיקע אויסבילדונג; 2. אז דו באַ־גייסט זיך גוט מיט דיינע זומער־פייגעלעך, דו פרעפּאַרירסט זיי זארגעוודיק און כדבעי, און אז דו קלייבסט זיי; 3. אז דו וועסט אריבערגיין צו האדעווען גראָז־ווערעמלעך, ווי נאָר עס וועט ווערן ווארעמער. אזוי, דערנענטערסטו זיך צו דער נאַטור, דו זעסט, ווי דאס איינע באהעפט זיך מיט דעם אנדערן—ווי חיות און געוויקסן לעבן איינס מיט דעם אנדערן — קעמפנדיק איינס מיט דעם אנדערן, שטיצנדיק און דערגאנצנדיק; ווי די נאטור, ווי די וועטערן און ווי די צייטן פון יאר שטייען אנטקעגן דער לעבעדיקער וועלט — דא העלפנדיק איר דא מעשה שונא. דו זעסט, ווי די השגה וועגן שאָדן אדער וועגן נוצן דעם מענטשן איז גאר וואקלדיק, און ווי זי איז סתם אין דער וועלט אריין.

וואס דו ביסט א קאפיטאליסט פון 30 מארק, מאַכט מיר ממש אן א שרעק. אבער די ווערדע פון געלט איז איצט געזונקען זעער שטארק און וועט זיך שוין קיינמאל ניט אויפהייבן, ווי פאר דער מלחמה. בכן, האלט זיך ניט גרויס און קוק ניט אזוי פון אויבן אראפ אף אונז בידנע קבצנים.

וואס לייענסטו איצט? כ׳האב אייך שוין געשריבן, אז כ׳האב זיך באקענט מיט יערעמיאַס גאטהעלף׳ס [פּאַסטאָר ביציוס] „אולי דער ארענ־דאר״? אן אמת גוט בוך, אויב כ׳האב קיין טעות ניט, האסטו עס געלייענט און האסט מיר דערציילט וועגן אים? נאַנסען און סווען העדין זיינען פאר דיר גוט און וויכטיק, וואס ס׳איז שייך צום סטיל, געדענק נאר, אזביידע זיינען איבערגעזעצט.

אפשר וועסטו גיין מיט העלמי׳ן אף די מאטעאוס־פּאַסיאָן [מיט טאנטע אַליסע׳ן אדער סאניע׳ן]; דעמאָלט מוזטו אבער אַפריער גענוי דורכקוקן דעם טעקסט און די מוזיק, כדי איר זאלט פארשטיין וואס מער. איר האט דא די געלעגנהייט צו הערן אזא ווערק, וואס קיין איין זאך אין דער וועלט קומט צו אים ניט, און אין אן אזא מוסטערדיקע אויספירונג, וואס איר וועט זי געדענקען אייער גאנצן לעבן. בכן נישט געכאפּט לייכטזיניק, נאר זיך צוגעגרייט ווי געהעריק.

צו דיין נסיעה קיין פראנקפורט ווינטש איך דיר פיל גליק; פארגעס דארטן ניט צו באקוקן פון די מאנומענטן—אחוץ דעם «רוימער»* און געטע׳ס הויז—די פּוילס־קירך; דאָרט זיינען אין 1848 פארגעקומען די זיצונגען פון׳ם ערשטן דייטשן פּארלאמענט. אייער באָבעס טאטע [הויף־און געריכט־אַדוואקאט קאַרל רעֶה: זיין בילד הענגט בא אָנקל טעֶדעֶל׳ן אין ביוראָ] איז דאָרט געווען א דעפּוטאט, און אפילו א פאר־זיצער. בעט, מען זאָל דיר ווייזן זיין פלאץ.

וואס דו קלערסט מיך אויף וועגן ווערע׳ס קלאָפּשטאָק, דאנק איך דיר: כ׳האָב טאקי געמיינט דעם פּאָעט פרידריך־גאָטליב קלאָפּשטאָק [געבאָרן 1714].

וועגן גליטשן זיך בין איך מתרה נאאכמאל: זייט אפגעהיט! מען פארט נאך מסתמא אף די אזיערעס; די אָדליגע האט נאך מסתמא ווייט ניט צעשמאָלצן דאס אייז: דער טייך און די טייכלעך זיינען נאך ניט באפרייט פון אייז «אונטער דעם פרילינגס ליבליכן, מחיה׳דיקן בליק»; דעם מאמענט, בעת דאס אייז הויבט זיך אן צו ברעכן און עס ווערט געפערליך, איז שווער אפצוהיטן, און די פישער־לעכער זיינען אויך א פארבאהאלטענע סכנה.

איצט מוז איך פארענדיקן — איך קוש דיך, מיין יינגל, א סך מאל!

דיין פּאַפּאַ.

* דאס ראטהויז אין פראנקפורט.

די אַריסטאָלאָכיע* קען איך זעער גוט. די איבעריקע איידעלע מענטעלעך אויך; דיין פּרווו צו פּרעפּארירן אָף דעם קייער פון א קיניגל האט מיך דערפרייט. אבער דאס אמתע פּרעפּארירן איז פונ־דעסטוועגן עפּעס קאמפּליצירטער. אויב דו פאָרסט קיין פראנקפורט. וועט איר קאנען קומען צו מיר ערשט נאך פּסח. אָנקל ווילי און אָטאָ זאלן אזוי גוט זיין און קומען צוזאמען. איך פריי זיך! גייט אריין צו טאנטע העדוויג אויך! גערִיסט זי הארציק פון מיינטוועגן — און לענע'ן און גרעטע'ן. דאס אייגענע איזי'ן און אויגוסטע'ן אויך —

שרייבט אן דעם אָנקל קורט'ן! און ווילי פּאַראדיז'ן און גיט זיי איבער א הארציקן גערוס פון מיר אויך.

לוקוי. 17. 3. 18

מיין טייערסטער העלמי!

פאר מיין פענצטער שרייט דער פרילינג־שטורעם. און יאגט שטורעמדיק דורך דעם ענגן פאס צווישן די מויערן. ווארעם איז ניט. א מערץ-לופט. אזוי זאל עס אויסזען אין דיין הערצעלע. אין דיין קעפּעלע. ברייט פאנאנדערגעשפּרייט די לונגען — באַ־וועגונג און באשלאסנקייט אין די גלידער! נישט קוועטשן די באנק! נישט אראפּפאלן בא זיך! איך פריי זיך. אז איך זע פון דיין לעצטן בריוו. ווי אלזייטיק עס זיינען דיינע אינטערעסן. אבער בשעת דו ביסט מודה. אז גענויסע לימודים אין דער שול גייען בא דיר שלעכט. ווייל דו ארבעטסט אינדערהיים אָף אנדערע געביטען. ביסטו זיך דערמיט מודה. אז דו האסט א גרונד־טעות וועגן דעם מהות פון דער קענטשאפט און וועגן לערנען. ** Non multa sed multum ניט אין דעם אויבנאויפיקן. צעוואָרפן זיך. ליגט דער פארנעם פון די ידיעות און פון דער בילדונג. נאר אינ'ם ערנסטן. טיפערן ארייַידרינגען. אין דעם באהערשן כאטש א שמאָלן געביט. ווייל דער פארנעם ליגט ניט אין חלל! דער פאר־נעם האט פיר אוימעסטונגן. די אינטענסיווקייט איז זיין ממשותדיקסטע אויסמעסטונג. אויב דו האסט פעסט איינגענומען א געביט. קאנסטו.

---

* Osterluzeifalter, א מין זומער־פויגל.

** נישט קיין סך. נאר גוט.

זיך זיכער אריענטירנדיק, זיך איינגעפונדעוועט, א קוק טון פון דארטן אף דער וועלט, א קענטשאפט, וואס איז ניט קיין קענטשאפט פארפלאנטערט אנשטאט צו מאכן קלאר, שוואכט אפּ אנשטאט צו מאכן שטארק.

דוקא לאטיין און מאטעאטיק זיינען באזונדערס וויכטיק. זיי האבן די גרעסטע באדייטונג אויסצובילדן דעם שכל. זיי זיינען דער חשובסטער באוויז פאר דעם רייפקייט פונ׳ם שכל, דעם בעסטער באוויז פון חריפות און פון א גוטן זכרון. שוין ניט גערעדט וועגן זייער וויכטיקייט פאר דער אלגעמיין־וויסענשאפטליכער אנטוויקלונג פונ׳ם גייסט!

פון סאניען בין איך געוואר געווארן, אז דיין ארבעט סוף־יאר איז ארויס גוט. בעת איר וועט קומען צו מיר אין א דריי וואכן ארום, ברענגט מיט אייערע צייגענישן, כ׳וויל זיך דערוויסן געננוי . . . . . . . דיין לעבן דארף און וועט זיין ארבעט און קאמף און טירחה, — ניט קיין זון־שיין און הנאה, אבער דוקא אין דעם וועט באשטיין דיין גליק.

דו דארפסט זיך צוגעוואוינען צו דעם געדאנק, אז דער מענטש איז נאר א מין העכערע חיה, מען דארף צוגיין צו אים נאטור־געשיכטליך; די עובדה פון א מענטשען, וואס שטעלט זיך באוואוסטזיניק א העכערן ציל און וואס ווערט געטריבן פון זיין אינעווייניקסטן «איך» מיטצו־העלפן אנטוויקלען דאס איידעלע — זיין עובדה איז: מיט אלע זיינע כשרונות, מיט זיין גאנצן מהות זיך אריינצוווארפן אין דעם גע־ראנגל פאר דער העכערער אנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, פאר דער באפרייאונג און פאר דעם גליק פונ׳ם כלל.

עס עקבערט און עס קימערט דיך די מלחמה און א סך אנדערע אָנשיקענישן. יא — זיי מוזן טאקע אנווארפן א מרה שחורה אף איטליכן, אבער ס׳איז פאראן א ישועה פון אט דער נאכט, און טאקע נאר איין ישועה: זיך באשליסן אף אזא לעבענס־ציל, וואס שאפט אפּ אט דאס שלעכטס. ס׳איז ניט מיגליך נאר אזא לעבן, וואס לאזט אליץ גיין, ווי עס גייט, און מיגליך איז נאר אזא לעבן, וואס איז גרייט זיך אליין מקריב צו זיין — זיך מקריב צו זיין פאר׳ן כלל.

מיין לעבן ביז איצט איז געווען גליקליך — ניט געקוקט אף אליץ: דוקא אין יענע צייטן, בשעת כ׳האב געקעמפט און

כ׳האב „געליטן״ מער׳ ווי אלעמאל׳ אזוי וועט עס זיין מיט דיר אויך׳ אט דאס איז אונזער מלחמה׳

דו דארפסט ניט אראפמאכן מיט דער האנט דיינע ספקות׳ דו דארפסט מיר ניט פאלגן — דו מוזט עס איבעראַרבעטן איינער אליין׳ פון אנהייב אן! — דורכקעמפן! — ווען איך קאן עס די גאנצע צייט זיין מיט דיר׳ — כ׳וואלט דיר געקאנט א סך העלפן — איצט וועסטו מיר שרייבן — דו מעגסט עס תמיד׳ ווען דו דארפסט מיך נאר באמת נויטיק האבן׳ כ׳וועל אלעמאל זיין מיט דיר׳

אין דריי וואכן ארום וועל איך אייך האבן בא זיך׳ איך װארט אף אייך — איר וועט זיין געזונט און וועט ברענגען א סך גוטע בשורות׳

וועגן מיר ניט געדאגה׳ט; א פאָר [צוויי] וואכן האב איך אפילו געהאט יעדען טאג א האלבן ליטער מילך׳ און אז מען פריערט׳ מאכט מען פרייע איבונגען און פונאוונט לייגט מען זיך פרי שלאפן׳

כ׳מוז פארענדיקן — מען נעמט אפ דעם בריוו׳ —

אלע דיינע דאגות ווילט זיך מיר אוועקקושן — פאריאגן — מיין עלנטער׳ קליינער קעמפער — ס׳מאכט ניט אויס׳ אינ׳ם קאמף זיגען מיר!

א סך קושן׳ קושן

דיין פאַפאַ׳

איר דארפט הערן די מאטעאוס־פאסיאן — אין א קלאסישער אויספירונג! דאס וואונדערליכסטע ווערק אפ׳ן געביט פון אָראַטאָריע׳ די נאָטן האב איך געהאט אינ׳ם מיליטער־ארעסט׳ שטודיר עס פריער דורך׳ ס׳איז ניט אזוי לייכט צו פארשטיין — קאָנטראַפּונקט און פוגע׳ גלייך די ערשטע פראזע: א כאָר פון אכט שטימען מיט א Cantus firmus —; אז מען דרינגט דורך דאס כשוף־געוועב׳ ווערט מען פאר־שיכורט פון התפעלות׳ ניטא א זאך אין דער מוזיק׳ וואס זאל זיין זיסער׳ צארטער׳ און ריינדיקער און — גרויס־ארטיקער אין די פאלק־סצענעס׳

[1917 ווּעסנע]

שטורעם, מיין חבר,
דו רופסט מיך!
איך קאָן ניט,
איך בין נאָך אין קייטן!
יאָ, איך בין אויך שטורעם,
א טייל פון דיר,
און ווידער קומט דער טאָג,
איך ברעך די קייטן,
און כ׳שטורעם פונדאַסנייַ,
כ׳שטורעם דורך די ווייטע ווייטען,
כ׳שטורעם ארום דער ערד,
כ׳שטורעם דורך די לענדער
כ׳שטורעם אין די מענטשן,
אין מענטשנס מארך און מענטשנס הארצן,
א שטורעם־ווינט, ווי דו!

* * *

דעם שטורעמס געשריי איז מיר ליב ווי א ליד,
ווען ער רייסט זיך ווילד אריין איבער די מויערס
אין דעם געדראנג פון ענגע גאנגען,
און ער פרוווט זיי צעטראגן
מיט זיין געברילּ,
ווען זיין לופטיקער מאנטל
פאטשט אין דעם שטיין,
און אין וואוטיקן כעס
כאפט ער שטאבעס און גראטעס
און וויל זיי צעברעכן! —
ווען זיין קאלט־הייסער אטעם
רירט זיך צו צו מיין הויט
דורך די שפאלטן און לעכער
און מאכט זידן מיין בלוט,
— ליב איז מיר דיין ליד,

דו אוראַלטער סימבאָל פון מאכט —
כ׳וואָלט ליבער
געהערט דיך, געשפירט דיך,
וואלסטו געווען א שליח
פון אן אנדער קראַפט, פון דעם פאלקס קראפט,
שטורעמדיק ליד פון דער נאכט.
ניט דו וועסט מיך באפרייען!
אף אן אנדער קראפט, אף דעם פאָלקס קראפט
גאָר איך בענקענדיק
כ׳ווארט מיט אומגעדולד,
ווען וועסט׳ זי אַנזאגן?
די שלום־ און פרייהייט־שלאכט,
א קאמף־געוויש פאר מיר אויך!

* * *

צו ווערען                                                   לוקוי, 17. 4. 21.

מיין טייערע בעל־שמחה׳לע!

כאטש דו וועסט עס באקומען ערשט נאך דיין געבורטס־טאג — דארפסטו פונדעסטוועגן האבן א סימן, אז כ׳האב שוין היינט געטראכט וועגן דיר און אז איך וועל נאך טראכטן וועגן דעם 24־סטן — אבער וואס רייד איך — זיינען דען ניט מיינע געדאנקען תמיד בא אייך אלעמען, בכן בא מיין ווערע׳ן אויך?

צו דיין געבורטס־טאג האסטו שוין געקריגן א קוש מיטוואך, איצט שיק איך צו נאך עטליכע טויז — פונקט אזוי פיל קושן, ווי פיל דאס קליין צנועה׳דיק פרייליין קאָן נאר אריבערטראגן פון איר פּאַפּאַ.

און די ברכות זיינען אזוי וויכטיק, ערנסט און רייך אין צאל, אז אויב כ׳וואלט זיי געוואלט איבערציילן, וואלט ניט געקלעקט אט דער בויגן און נאך א סך. די מתנות און דער יום־טוב וועלן, מסתמא, זיין היי־יאר נאך פשוטער, ווי די לעצטע צוויי יאָרן. ווערע וועט

עס אבער פארשטיין · · · און זי וועט זיך שוין סטארען, ניט געקוקט אף אלץ, ארויסצובאקומען אזוי פיל שמחה און פארגעניגן, ווי־פיל עס איז נאר מיגליך. דו ווערסט 11 יאר געזונטע — גייסט אריין אינ׳ם 12־טן! און אין צוויי יאָר ארום — א באַקפיש* [באַק — ניט באָק]. און אינגיכן — מען קאן גאר אזוי ווייט ניט קלערן לאמיר בלייבן בא דעם, וואס עס איז.

א שאדן, קינדערלעך, וואס איר האט מיר ניט געקאנט מיטוואך איבערגעבען אלץ רואיק און זיך דורכשמועסען מיט מיר. כ׳וואלט זיך גרייליך געוועלט געניער דערוויסן פון דיר און פון באָבין וועגן אייער פראנקפורטער נסיעה און וואס איר לייענט און וואס איר טוט איצט בכלל.

אינגיכן וועט איר דאך שרייבען — אן ערך אין צוויי וואכן ארום. שרייב מיר וועגן אלץ באריכות: וועגן דיין געבורטס־טאג, וועגן דער נסיעה, וועגן דער שול [לערן־פּלאן, שול־ביכער! און ווי עס געפעלן אייך די לערערס און וואס איר טוט אויף], וואס הערט זיך אינדערהיים—וועגן הילמע׳ן אויך; געריסט זי פונמיינטוועגן! שרייבט וועגן אייערע חברטעס, חברים, קרובים, ביכער א. א. וו. אמת?

עס איז שבת־צו־נאכט; אָקרשט איז געווען א מוראידיקער האגל; אצינד שיינט שוין די זון — די פייגלען צוויטשן פאר מיין פענצטער — א בונטער פינק, א שטאָר, א רויט־העלדזל, א האָבערלך [צי צידיי] אן אַמשל, אַ דרוישל, א גראָז־שפּערעלע, א מייזעלע און אפילו פּיראָל, [פויגל בילאָ] **, דערצו נאך און א ווילדע טויב, און ווען ניט ווען א געשריי פון א סאָווע אויך און דאַכער פלאפלען, זיי ווערן פון צייט צו צייט גערופן צו ארדנונג דורך די אומעטיקע קראָען —

פון ווייטן בילט א הונט, א געשריי פון קינדער און פריילעכע קלאנגען שוועבן דורך די גראטעס. אמת, איך זע ניט — ניט די פייגלען, ניט דעם הונט, ניט דאס קינד.

און לופטיק איז עס. עס ווערט ווידער א כמארע. א נייער האָגל — כאפּט דאס דער רוח, — מיר לאזן זיך ניט איבערפירן די שטימונג — אמת, מיין טעכטערל? איך קוש דיך נאכאמאל און נאכאמאל.

---

* א מיידל פון 17—14 יאר.

** Drossel, Amsel, Goldammer, Rotkehlchen, Star, Grasmücklein, Meise, Pirol.

— אל׳דאָס, אַל׳דאָס גוטס אלעמען, אלע קרובים און אלע גוטע פריינט

דיין פּאַפּאַ.

לוקוי. 17. 4. 22.

מיין טייערער העלמי !

כ׳זאג דיר אָן א גרויסע שמחה — א גרויסע שמחה פאר מיר, און איך ווייס, פאר דיר אויך: דער הער דירעקטאָר האט ערלויבט, דו זאלסט קומען צו מיר אין מאי, איין מאל עקסטרע, און מיר וועלן זיך מעגן דורכריידן איינער־אליין. כ׳האב געבעטן אט די ער־לויבניש, ווייל ס׳איז לחלוטין נויטיק, אז מיר זאלן ביידע זיך אינגאנצן און שטארק באהעפטן, אז דער צוטרוי פון איינעם צו דעם אנדערן זאל ווערן באווארנט ; דאס איז נויטיק ווי דאס לעבן בא אונזער איצטיקן מצב ; און דוקא בא דיין איצטיקן צושטאנד, בעת דו שטייסט אפ׳ן שיידוועג. יאָ, מיין בכור, וואס איך און א סך אנדערע לייגן אף דיר אזוינע גרויסע האפענונגען, דו טארסט מיר ניט ווערן פרעמד, מיט איין אָדער ניט. און דו טארסט ניט פאר־בלאנדזשען אין דער וויסעטניש, וואס עס שטייט איצט פלוצים אויף פאר דיר, כמעט אויג־אין־אויג, — די וועלט, דאס לעבן, דאס אינע־ווייניקסטע און דאס אויסווייניקסטע, די דרויסנדיקע און די אינעווייניקסטע וועלט, דו וועסט מיר פארטרויען אלע דיינע רעיונות און גע־פילען — מיר — דיין טאטן, וואס פארשטייט אט דאס אלץ, אלץ, אינ־גאנצן, אינגאנצן, ווען דאס זאל זיך אפילו אויסדאכטן, ווער ווייסט ווי פארפלאנטערט, ווילד, שלעכט — מיר, דיין טאטען, וואס האט דיך ליב, ווי א פאטער קאן נאר ליב האבן זיין זון.

דעם טאג ווען צו קומען, קאנסטו זיך אויסקלייבן אליין—אפשר אין מיטן מאי. דו קאנסט דעמאלט פאר מיר מיטברענגען א נייעם פאקעט, ווען מען זאל אפילו פאר דעם שיקן נאך א מאל, ברענג עפעס אזוינס, אָן וואס איר קאנט זיך באגיין — ווארום עס איז שווער צו באשרייבן, וואס פאר א ים עס קאן פארשווינדן אף גיך אין א מאגן, וואס דער הונגעריק־סטער מאגן פון א סאלדאט זעט אויס אין פערגלייך מיט זיין הונגער

ווי א··· א פינגערהוט לגבי דער היידעלבערגער טון; דאס, וואס איר האט געבראכט מיטוואך, איז שוין היינט כמעט געפּטרט — און א טייל פון דעם ברויט אויך. מיט דעם געבעקס און מיט דעם פּודינג איז גאר א ביטערע מעשה. אלץ איז געווען אזוי געשמאק! כ'קאן עס ניט באשרייבן. זאגט די מנדבים און די בעקערס, אז איך בין זיי מורא'דיק דאנקבאר. אגב, איז פאר מיר די פיש־וואורשט און דאסגלייכן גאר ניט געווען קיין שפּאס. די איכות גייט מיך ניט אן. מען קאן ניט וויסן, ווי לאנג די געלעגנהייט קאן זיך ציען — * il faut en profiter

און נאך עפּעס: אינגיכן ווערט א יאר, זינט ס'האט זיך אנגעהויבן מיין מנוחה [דער 1־טער מאַי פ. פ.] — איך האף, אז די גוטע פריינט וועלען זיך גוט פארברייינגען, כאטש איך בין ניטא — זאג זיי דאס — און זאג זיי אויך — איך רוף צו: «יישר כוח»! כ'וואלט שטארק געווען א בעלן זיין דערביי!

אביסל דאגות האב איך נאך וועגן דער פראגע מיט די צייטונגען. צי ווייסטו, ווי דו דארפסט זיך באגיין — כל זמן סאָניע איז ניטא — מיט די צייטונגען, וואס מען שיקט אפּ צוריק: וואו מען האלט זיי, זיי זאלן ניט פארפאלן גיין — דו טארסט קיינמאל ניט פארגעסן, ווי וויכטיק עס זיינען פאר מיר די צייטונגען — דוקא איצט — איצט און אף שפּעטער אויך, נאך דעם 1920 .11 .4

איך קוש דיך און אייך אלעמען

דיין פּאַפּאַ.

לוקוי, 17. 4. 22

טייערסטע — טייערסטע!

ערשט היינט — כ'האָב געוועלט ווארטן, ביז דו וועסט קומען צו מיר: דאס קומט אויס דעם מיטוואָך [18] ··· אבער דערפאר מיין איך, אז איך האב דיר טאקע אנצוזאגן פרייליכערע זאכן.

קודם כל: דיין בריוו — שוין פון 6 אָן! — איז אזא וואוילער און ער האט מיך טיף אין הארצן אזוי אפּגעפרישט. דו קאנסט ניט [זאל עס זיין געבענטשט] שרייבן קיין געמאכטע «שיינע» בריוו: דאס איז דער טייטש פון דיין זעלבסט־קריטיק אין דעם פּרט. אבער דאס, וואס

* מען דארף עס אויסנוצן.

איז אמת׳דיק און וואָר, קלאָר און װאַרעם און דאָס, װאָס עס לאָזט זיך אויסדריקן מיט׳ן גאַנצן כישוף פון פשטות, מיט אַ פּרימיטיװקייט, װאָס לאָזט זיך ניט כאַפּן — אין דעם ליגט שוין אינגאַנצן דיין אייגענער כוח; און ער װירקט אַלץ שטאַרקער, װאָס װייניקער ער איז באַװאוסטזיניק׳ װאָס מער דו לייקנסט אים אַפּ. דאָס בלויע לובין־פעלד לעבן הײַדלבערג און מיין סאַניטשקע, באַװעלטיקט פון התפּעלות, מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס — די נשמה און ד׳ער גוף צונויפגעשמאָלצן אין איין געפיל פון התלהבות, — אָט דאָס איז פאַר מיר דער סימבאָל פון דיין מהות פון יענעם טאָג אָן; און ס׳איז שוין פאַר מיר געװוען דער סימבאָל, נאָך פאַר דעם.

איך פריי זיך מיט דער גוטער בשורה פון דער סאַנאַטאָריע, און איך בין זיכער: אויב דו װעסט עס אויסנוצן װי געהעריק און טאַקי ביז׳ן סאַמען סוף, װעט דיין געזונטע נאַטור מאַכן אַן סוף מיט אַלע סמנים פון קראַנקייט: און בעת דו װעסט אינגיכן קומען צו גאַסט אין מיין שטאָט לוקוי, װעט מיר אַרויספּאַלן אַפּ׳ן האַלדז אַ יונג מיידל מיט גראָבע באַקן, — דו ביסטו דאָ געװוען דעם 13־טן מערץ — איבערמאָרגן װערן זעקס װאָכן! אַזוי שטורעמט די צייט מיט אַפּגעלאָזענע לייצעס! יענעם טאָג ביסטו געװוען אַזוי יונג, אַזוי מיידלש: אַזוי האָב איך דיך פריער תמיד געזען — די אויגן האָבן געשטראַלט אַזוי גליקליך — זיי האָבן אױפגעבלאָזן, צעשמאָלצן אין אָט דער זון דאָס געפריר פון די בייזע קנייטשן. דו קאָנסט און דו װעסט נאָך אַלץ זיין מיין מיידל אין 1920 — דעם 3־טן נאָװעמבער איז אַ סוף — הײַנט זיינען אַראָפּ 170 טעג פון דער שטראָף — 170 פון 1460. עס איז נאָך געבליבן זיבן און אַ האַלב מאָל אַזוי פיל, װי ביז איצט — און מיר װעלן שוין װידער האָבן איינער דעם אַנדערן, און אין 8 טעג אַרום װערט שוין אַ יאָר, װי איך זיץ! װי גיך דאָס איז אַװעק! טאָרסט זיך דערפאַר ניט קימערן — דו דאַרפסט האָפן און מוטיק בייקומען די דאגות: פּונקט װי דו װאָלסט געהאַט זיגפריד׳ס שילד.

דו האָסט אַפּגעטון אַ סך זאַכן — געשעפטליכס, מיין איך — װעגן װאָס דו שרייבסט, צי האָסטו אָבער געזען, אַז אַליסע אָדער העלמי זאָלן װיסן, װאָס זיי האָבן צו טון מיט די צייטונגען? אַז קיין זאַך זאָל ניט גיין פאַרלאָרן און מען זאָל ניט האָבן קיין עגמת נפש? איך האָף! . . .

מיט שטאַל׳ן* מאכסטו א צו גרויסן ווענן. עס איז דאך א קליין שמוציק ניבזיקל, וואס זיין ראליע איז דאך אזוי נעבאכדיק, אז ס׳איז אף אים פשוט א רחמנות. קוק זיך נאר צו צו זיין «גליק» — קיינ־מאל איז נאָך ניט געווען א «ערפאָלג» אזוי מיאוס.

וואס דו שרייבסט וועגן רוסלאנד, ביסטו אזוי גערעכט! כ׳קאן אבער, ליידער, אף דעם ניט ענטפערן; דו ווייסט דאך אבער, וואס מיר ווילט זיך זאגן . . .

. . . די לעצטע צייט האב איך געלייענט זייער פיל — צו דער ארבעט בין איך דערפאר כמעט ווי ניט צוגעקומען, כ׳בין אגב געווען צו שטארק פארמאטערט. כ׳האב גייעלענט לעסינג׳ן, און אויך געשיכטע און פילאסאפיע. בערנהיימע׳ן און וואָלטמאנע׳ן האב איך איצט אויך. פון העבעל׳ן: אן עפיגראמע: א עמפירישער כלל: «לייכט איז צו פארהיטן א זומפ — איז ער שוין אבער געווארן, קאן שוין דער אייבערשטער אליין ניט פארהיטן, ס׳זאלן זיך אין אים ניט באווייזן קיין שלאנגען און קיין עקדעשן». אז ס׳וועט אויסקומען, דערמאן וועגן דעם וויכטיקן צוויי־פערז פראַנצ׳ן און לענען.**

איך פריי זיך שטארק, וואס דו האסט געזען קלארע׳ן; גערים זי הארציק.

. . . איר האט עפעס אין דער סאַנאַטאָריע א גוטע ביבליאטייק? דאס איז אזוי וויכטיק! וואס טוסטו דעם גאנצן טאג? שרייב מיר און אף גיך און באריכות! דער דאָקטאָר האט נאך צו מיר ניט געשריבן: איך וואַרט אף זיין בריוו און טאקע באלד. דאס בענקען נאך דער מוטער מאטערט דיך אין דער רו פון דער סאַנאַטאָריע — און אין דער נייער סיטואציע, פארשייט זיך, נאך מער, ווי אלעמאל. כ׳פארשטיי דאס אזוי גוט, הגם דו לאכסט זיך אויס פון מיין «פארשטיין».

מיטוואך זיינען בא מיר געווען די קינדער מיט אליסע׳ן. געבויער קאנסטו זען פון די בריוו און די צעטלעך, וואס ליגן אינעווייניג — באַב האט אמת קונציק אנגעמאלט דעם גאנצן «פליש און פלום» פון בושן און האט מיר געבראכט צוטראגן. כ׳וואלט

---

* שטאַל — א סאציאליסט פון די שיידעמענער — וואס איז אף ליבקנעכטס ארט אריין אין רייכסטאג.

** לעאָ יאָגישעס.

דיר עס געשיקט, אויב כ׳וואלט געהאט די טעכנישע מיגליכקייט. — נאך עפּעס וועגען זיך. א צאָן־טעכניקער מאכט מיר מיינע ציינער דא צורעכט; מען האלט אים דא פאר גאנץ טיכטיק — דאס באַרואיקט מיך שטארק. אין די באקן ווער איך, צום שווארצן יאר, גאר שמאל, און ווייטער, דו ווייסט דאס שוין, מסתמא, פון אליסע׳ן, אז כ׳האב געבעטען, זי זאל דיר אפשיקן מיין בריוו — דיין וואונטש איז מקוים געווארן — מיט אַ קורצע צייט צוריק האט מען ערלויבט צו שיקן שפייז מכל המינים, טארטן אויך, קוכן און סתם נאשערייען; זיי קאנען זיך דיר אויסקומען, מי יודע ווי שלעכט — כ׳בין אף דעם איצט זעער לָהוט — סאיז ניט צו גלויבן, וואס מען קאן דא אויפטון. מיטוואך האבן די חברה געבראכט א היפש ביסעל — היינט איז שוין כמעט אלץ אריין און אראפּ און קיין איין לאָך איז נאך ניט פארשטאָפּט — קודם כל קיין קוכן־לאָך ניט — עס איז נאך אלץ אָפן אָן א ברעג — נאך מער, ווי בעת איך פלעג קומען פון פראָנט. געוויינטליך, וועט זיך דאס ביסליכווייז איינשטעלן — כ׳ווייס ניט, צו דו וועסט קאנען שיקען פון מינכען, ווער ווייסט, ווי לאנג די טיר וועט בלייבן אפן — מען דארף עס איצט אויסנוצן. מען דארף שיקן יעדע וואָך, אויב עס לאזט זיך נאר.

איך שיק עס אפּ, ווי אן עקספּרעס־בריוו, כדי מויזי זאל קריגן באצייטנס דעם געבורטסטאג־בריוו. לייען דורך די בריוו, וואס ליגן דערביי — רואיק און מיט קאפּ; זיי זיינען א הוספה צו דיינע.

דער הער דירעקטאָר האט געקריגן דיין בריוו. ער בעט דיר איבערגעבן, אז דו קאנסט זיך פארלאזן אף זיין גוט הארץ און זיין גאנץ רואיק.

שרייב אף גיך — כ׳בעט דיך — וועגען אלץ — זע זיך צו, ווי ס׳באַדארף צו זיין, און דאגהע ניט וועגען דיין קאַראָלוס׳ן, וואָס וועט זיך שוין דורכשלאגן, וואס נעמט דיך ארום און קושט דיך און וואס ווינטשט אל׳דאס, אל׳דאס גוטס דער טייערסטער פון זיין הארץ.

אויב דו וועסט שרייבן צו דיין מוטער אדער צו אדאלפ׳ן, גערים זיי הארציק.

איך פיל זיך בעסער, כאטש עס איז נאך שרעקליך לופטיק, עס פאלט כסדר האגל און שניי. אבער די פויגלן זיינען שוין פאר מיין פענצטער; קיין מאל אין מיין לעבן האב איך נאך ניט

געהאט אזוינע טייערע מוזיק, כסדר: פון פרימארגן אָן — «איידער עס קרייט דער האן» [אזוי פרי שטיי איך אויף] ביז אין אוונט אריין, ווען עס ווערט שוין פינצטער, ווען דו וואלסטו געווען בא מיר, וואלסטו זיך אזוי געפרייט, כאטש מיר וואלטן ניט געזען קיין איין בוים ניט און קיין איין פויגל ניט.

לוקוי, 17 .5 .11

טייערסטע מיינע, טייערסטע!

מיין בריוו איז שוין אזא לאנגע צייט בא דיר — און אין בריוו די בקשה אנשרייבן אף גיך כאטש א פאר שורות. און דער 8ער מאי — דער טאג, ווען ס׳דארף קומען דער בריוו פאר די דריי חדשים — איז פארביי אָן קיין שום ידיעה פון דיר! — כ׳בין אזוי אומרואיק! א ביסל האב איך געהערט וועגען דיר, בשעת ס׳איז געקומען די גאנצע חברה [4 .18], א ביסל פון אנדערע בריוו, וואס זיינען צו מיר דערגאנגען דעם 6־טן. א ביסל וועט מיר היינט זאגן העלמי אויך; אגב טאר ער זיך ניט דורכשמועסען מיט מיר איינער־אליין, אן א השגחה; דאס וועט זיין אין דעם הער דירעקטארס קאנצעלאריע — ער אליין וועט זיין דערביי, אזוי, אז מיר וועלן זיך קאנען רואיק דורכשמועסן. איך האף, אז איך וועל אים [העלמי׳ן] מעגן מיטגעבן פאר דיר אט דעם בריוו.

טייערסטע, טייערסטע, פארוואס שרייבסטו ניט? כ׳בין אזוי מיט מיינע אלע געדאנקען בא דיר, און וואס איך זאל ניט טון אין אט דער פרעכטיקער מאי־צייט, ציען זיך אלץ פעדעם צו דיר... וואס פאר א קאנצערט איז איצט פאר מיין פענצטער פון יענער זייט גראטעס און שטאבעס — ווי זעט עס אויס בא דיר אין עבענהויזן? ווי איז דער ארום? כ׳בעט דיך, כ׳בעט דיך, שרייב אף גיך, אף גיך! דו דארפסט נאך בלייבן א לאנגע צייט! —

איין פאקעט מיט קוכן, פירות און לאקס איז פון דיר אנגעקומען, א דאנק, א דאנק. דער אפעטיט איז ניט צו באשרייבן, מען דארף דעקן גרויסע בלויזן פאר א לאנגער צייט מען דארף אף דעם האבן גאנצע חדשים — ווער ס׳איז געווען א סאלדאט, פארשטייט עס — עס לאזט זיך ניט מאכן אף איין פוס.

דער פזמון: שרייב׳ שרייב׳ שרייב — און וועגן מיר דאגהע ניט: קלער וועגן זיך׳ פון דיין מאמען האסטו א ידיעה? און אדאלף? די קינדער שרייבן רעגולער׳

כ׳בענק אזוי נאך דיר! ווען וועל איך דיך ווידער זען? שרייב כ׳בעט דיך׳ אף גיך און גוט און א סך׳ כ׳בעט דיך! דו האסט זיך געפונען א קרייז באקאנטע? גייסט א סך ארום? דער עיקר׳ ווי לעבסטו? טראכסטו וועגן מיר — אדער האסטו מיך פארגעסן? האסטו מיך נאך ליב? וועגן אלץ מוזטו מיר שרייבן — איך קוש דיך טויזנטער מאל׳ דו׳ מיינע! און נעם דיך ארום

דיין קאַרלושאַ׳

לוקוי׳ 17׳ 5׳ 26

דער 204׳ שטראָף־טאג

טייערסטע מיינע!

היינט מעג איך שוין שרייבן עקסטרע׳ וועגען דעם ענין — האלאנדי׳ די נסיעה פאדערט א סך הכנות׳ בריוו׳ א פאס און last non least.*: א הסכם צווישן דיר און צווישן די קינד׳ער׳ וואס האבן שוין בדעה [לכל הפחות באָב] אנדערע פלענער [מאכן מיט לאַנדעסבערגער׳ן און א פאר אנדערע חברים א לאנגע וואנדערונג; כ׳בין שוין צוליב דעם אליין קעגן דעם]׳ איך מיין; בכל אופן «יאָ» און טאקע אלע דריי׳

איך האף׳ פארשטייט זיך׳ אז העלמי וועט אויך קריגן א פאס; פאר אים האלט איך עס וויכטיקער ווי פאר אלעמען׳ ער איז דאך סך הכל 16 יאר אלט׳ די הויפט־טעמים פאר׳ן «יאָ»: די דערנענערונג׳ די פארברייטע־רונג פונ׳ם קרייז פון דער ערפארונג; דאס לעצטע איז׳ דער עיקר׳ וויכטיק פאר העלמי׳ן׳ וואס איז נאך קיינמאל ניט געווען אין אויסלאנדי׳ צווייטנס׳ איז «ארנהיים» [א שיין שטעטל׳ דו קענסט עס מסתמא אויך] נישט נאר דער טייטש ארנהיים׳ נאר אויך אמסטערדאם׳ ראטערדאם׳ האאג׳ אוטרעכט און א סך אנדערע זאכן׳ אומעטום האבן מיר דארט גוטע פריינט׳ אין אמסטערדאם וועט מיט גרויס

* דאס לעצטע — ניט דאס קלענסטע׳

שמחה עפּענען זיין הויז וויבויט: דאָס איז גאר א שיין, היימליך הויז, אין הילפּערסזום — ראָלאַנד־האָלסט.

אויב מען זאָל עס געבן די יינגלעך גוט צו פאַרשטיין, וועלן זיי זיך אליין איבערצייגן, אז אלע «נידעריקע» און «הויכע» מאָטיוון זיינען פאַר «יאָ»; און אפילו מייזעלעס שכל, וואָס איז אזוי אַרומגערינגלט מיט א שטאָלענעם פּאַנצער, וועט מען אויך קאָנען איינגעמען מיט גוטע ארגומענטען. די שפּראַך וועלן זיך די קינדער אויסלערנען אַף גיך — דאַכט זיך — הייסט עס על כל פנים: יאָ — כ׳האָף: „nous sommes d'accord.“ *

וואָס דו בלייבסט נאָך ביז׳ן מיטן יוני, איז גוט — אגב איז דאָך דאָס ס״ה צוויי אדער דריי וואָכן! ווי פּריש איז געווען דיין בריוו! ער איז פאַר מיר געווען ממש א חיות, אקאָרשט האָב איך אים דורכגעלייענט דאָס זעקסטע אדער דאָס זיבעטע מאָל, כ׳קען אים שוין כמעט אַף אויסווייניק, און פונדעסטוועגן לייען איך אַלץ פונדאסניי. דאָס, וואָס איז געשריבן מיט די שטריכן פון דיין האַנטשריפט, זאָגט מיר א סך מער, ווי דער טאָן פון דיין שטים. און כ׳זע דיך נאָך א סך בולטער!

כ׳בעט דיך, ווי מאַכט מען עס אזא ווען מיט די טאָרטן! דער קוכן, וואָס דו האָסט מיר וועגן אים דערציילט [מען האָט מיר שוין פון אים געבראַכט א שטיק אין אַפּריל] איז מיר ליב שוין צוליב זיין מאַסיווקייט אליין: דער עיקר איז דאָך די כמות, די איכות איז דאָך נישט וויכטיק. «ערד וועט ער קייען און מיט חשק» . . . אָטאָ בראַקעס געדאַנק וועגן קאָכן, וואָרעמען א. א. ווי. איז, געוויינטליך, א אילוזיע: דו קאָנסט עס אים שרייבן, דיין פּאַקעט איז אָנגעקומען און האָט בא מיר אַרויסגערופן התפעלות. זיי מוחל, אויב כ׳האָב אָנגעמאַכט אַרבעט — דיר, דיין חברטע און הער דאָקטאָר מאַרקוזע מיט זיין ווייב — דאָס איז לחלוטין ניט געווען מיין כונה . . . זיי מיר מוחל, אויב כ׳האָב דיר כאָטש אביסל געשטערט מיט די אכילה־ענינים — און פאַר א פּאַר ציגאַרן א טאָג וואָלט איך אוועקגעגעבן דעם גאַנצן ענין — און פאַר אַנדערע זאַכן הונדערט מאָל אזוי פיל און מיט א חשק, וואָס איז טויזנטמאָל גרעסער.

און וואָס רעדסטו וועגן «ליידן»? פון וואָס איך «לייד», דאָס ווייסטו אליין בעסער . . . וואָס גייט מיך אָן די פּלוידערײַ אין א

* מיר ריידן זיך צונויף.

פראנצויזישן ראמאן און—בכלל די רייד פון אנדערע לייט ! דאָס וואָרקען פון דער ווילדער טויב, וואס דרינגט אריין צו אונז, אט דאס איז א זאך ! דו ווייסט יענעם מערקווירדיקסטן פון אלע וואלד־טענער : דאס קלאַ־געוודיק־בענקענדיקע גוּוור — גוּ־גוּ־גוּ [אן ערך מיט דריי טענער נידעריקער] גוּוּר — גוּ־גוּ־גוּ אי אי וויי וואס באהערשט דאס ווייטקייט : ניט געקוקט אפ׳ן פיראָל,* אַמשל, דרוישל* און ניט געקוקט אפ׳ן מונטערן «בלעטער־זינגער» — וואס איז מיך גאר פון נאענט מהנה צוזאמען מיט דעם בוק־פינק, די קלינג־קליר־שנאַלק־מייזלעך, די צי־צי־דע־האָבערלעך און די שוואלבן האלטן זיך בשעת מעשה פונוויטן און גיבן גאסטראלן נאר פון צייט צו צייט : די שוואלבן דער עיקר פארנאכט בעת זיי יאגן זיך און דרייען זיך ארום, צייטווייז טראגט זיך פארביי פאר מיינע אויגן א קליינער גוטער פריינט — אף איין ווײלע — און אז איך שפאר זיך צו צו די גראטעס, זע איך א פאר צווייגן, דאס געפלאפל פון די דאכערס האט זיך אויפגעהערט, זיי לעבן איצט, en famille פאר־ווייז · · · · — אין די איזאַר־וועלדער שוויבלט און גריבלט מסתמא, פון פויגלען, און פון ווילדע טויבן — טייערסטע — קוק זיך צו זיי צו, פרעג בא מבינים : זייער געשריי וועט פאר דיר זיין א גאנצע איבערלעבעניש ! · · · · דו שרייבסט גארניט וועגן דער פארב פונ׳ם וואסער אין איזאַר ; דאס האט מיך תמיד אזוי פארכישופט, עס גייט דיך ניט אן ? אדער דו ביסט אזוי צעלאזן פון דעם שווייצער קאלך־וואסער — פון רויס־ראָן —

מיכעלן האט אף מיר געמאכט א רושם, וואס האט שפעטער געווירקט אף מיין גאנצן לעבן : אין 1889, אַכצן־יאָר אלט, אויפגעוואכט, אויפגעאטעמט, פול מיט ענטוזיאזם, איינגעזאפט אין זיך די גאנצע וועלט — דאס גאנצע לעבן א רעגנבויגן ! גאנצע וואכן, נאכאנאנד בין איך ניט ארויס פון די פינאַקאָטעקן** — — — און פון דארטן זיך געלאזן דאס ערשטע מאל קיין אָבער־בייערן דורך שטאַרנבערג, קאָכעל, בענעדיקטענוואנד, וואַלכענזעע, הערצאָגשטאַנד, דורך פּאַרטענ־קירכען, גאַרמיש, מיטענוואַלד, אייבזעע — און שפעטער [1890] דורך צוגשפיצע, אייבזעע, האָהענשוואנגוי, אַמערזעע — איידער דו ועסט

* Amsel, Drossel

** מוזעען.

פארן אהיים, מוזטו אלנפאלס מאכן אן עקסקורסיע אין אָבערלאנד.

... ווי גוט עס איז, וואס דו דאגהעסט אזוי וועגן די קאניקול־צייט בא די קינדער: אונטער דיין השגחה זיינען זיי געטריי אפגעהיט, ווי בא אברהם אבינו.

גערים הארציק ראזע׳ן און גיב איר א דאנק פאר אירע אנווייזונגען,* וועגן די איבריקע זאכן — אין רעגולערן בריוו אין 14 טעג ארום. שרייב די בערלינער, אז זיי וועלן באקומען מיין בריוו ערשט אין 14 טעג ארום.

... יא, ווי גליקליך וואלט איך געווען, ווען כ׳וואלט געקאנט זיין מיט דיר אין מינכען און אינ׳ם איזארטאָל. יא, ווי גליקליך וואלט איך געווען מיט דיר אָן מינכען און אָן דעם איזאַרטאָל! אין תפיסה כאטש — ווען וועל איך דיך זען ווידער?

איך קוש דיך און נעם דיך ארום און דריק דיך צו צו מיין הארצן, מיין געליבטע מולאַטין, האב מיך האָלט, רו זיך אויס, שפאציר, בלייב מונטער. שרייב ווידער אף גיך

דיין קאַראָלוס׳ן.

לוקוי דעם 17. 6. 10.

[דעם 219־טן טאָג פון שטראָף־צייט. $\frac{1}{6{,}666}$ איז אראפ!]

טייערסטע מיינע!

ס׳איז שוין שפעט — דער זייגער איז שוין נאָך 6; אזוי שטיי איך אויף האלב 5 אדער דריי־פערטל 5; פונ׳ם אָפענעם פענצטער דרינגט אריין פרישע לופט און א „קהל משוררים“ וואס זייער פראכט און מתיקות קאן מען ניט איבערגעבן אין קיין שפראך ניט. די „משוררים“ געפינען זיך הארט לעבן מיר — און פאָרט זיינען זיי פאר מיר, ווי א פארבארגענער ארקעסטער, אדער ווי די באַרימטע קלעזמער, וואס דאס אויג זעט זיי ניט, ווייל זיי זענען הינטער די קוליסן — דערפאר ווייס איך ניט, לײדער, די נעמען פון גאר א סך קינסטלער פון אזוי פיל טענער, — תיכף, ווי איך ווער פריי,

* ראזע לוקסעמבורג האט מיר געשריבן, כ׳זאל זאגן ק. ל. דעם נאמען פון א פויגל, וואס מיר האבן אמאל געהערט אלע דריי, און וואס זיין נאמען האט זי זיך ערשט דערמאנט אין דער תפיסה.

סאָניע ליבקנעכט.

לאז איך זיך אבער אַוועק צו א מומחה לערנען דעם געזאנג פון וואלד־פייגעלעך, און כ׳וואנדער דורך מ׳ט דיר, און מיט אים די סאמע פארוואָרפענע וועלדער — אין פרילינג 1921. —

איך אייל זיך אונטער מיט דעם בריוו, כדי ער זאל דיך נאך בכל אופן טרעפן אין עבענהויזען. כ׳קאן דיך נאר בעטן נאכאמאל, אז דו זאלסט דארט בלייבן וואס לענגער, און דו זאלסט קרוינען דיין אפּרו מיט א נסיעה אין די בערג. מיר וואלט זיך אזוי שטארק געוואלט קריגן אף מיין בריוו כאטש א פּאר שורות. — כ׳בין שטארק צעטראגן — אמת, דער רעגולערער שרייב־טערמין איז נאך ניט פארביי, און פונדעסטוועגן בין איך צעטראגן. עס קומען פאר אין דער וועלט אזוי פיל זאכן, וועגן וועלכע איך ווייס גארנישט. ווי ווירקט עס אף דיר? ווי באציסטו זיך דערצו? כ׳וואלט דיך געוואלט האלטן, דיר העלפן טראגן די משא פון די דאגות און פון די שרעקן. אין א חודש ארום וועלן מיר זיך זען. נאך א מאל: דו ווייסט דאך, אז בשעת ס׳איז זעער וויכטיק, קאנסטו צו מיר שרייבן א חוץ דער צייט — שרייבן, טעלעגראפירן און קומען צו מיר אויך.

מיין גייסטיקע ארבעט איז די טעג שטארק צעוואָרפן — א צופאל האט מיך פאר א פּאר וואכן צוריקגעבראכט צו אויערבאַכס דאָרף־מעשיות פון שווארץ־וואלד. ס׳איז מיר נאך איצט פאַרעוווע אין מויל. ס׳איז פאר מיר א אינטערעסאנטע באקאנטשאפט דער ענגלישער מאָראַליסט סעמיועל סמיילס [כ׳האב דא געפונען זיין ״חוב״]: דא זיינען פאראן א סך ציטאטן און אנעקדאטן, ניט אויסצושעפּן: ווי פאָרטונאַט׳ס אדער שלעמיל׳ס טארבע. ציטאטן פון דער גאנצער ענגלישער ליטע־ראטור; אנעקדאטן וואס האבן אפט א טיפן זין — צייטנווייז גאר מעשה פלו־טארך — זיך צו סטארען אין וועלכע דו ווילסט נאר ״גוטע מדות״, געוויינט־ליכע אנעקדאטן, וואס זייער היסטארישע באגלויבטקייט בלייבט מער ווי האלב־פינצטער און וואס צוליב זייער מוסר ווערן זיי שוין גאר נעפּלדיק. אבער סמיילס איז פארט א אינטערסאנטער טיפּ, וואס מען מוז זיך מיט אים באקאנען. דערנאך, האב איך קלייסט׳ן און טיק׳ן: כ׳האב עס קוים מיט צרות געקריגן. טיק איז דער זיידע פון דער דייטשער ראמאנטיק אין אירע פארשיידנסטע פארמען — אנהויבנדיק מיט דעם ״כשופדיקן גלאנץ פון דער לבנה־נאכט״ מיט גענאָוועוואַ׳ן אפילו מיט דעם בלאָנדן עגבערט, מיט דעם געטרייעם עקאַרט און מיט די סאטירישע

זאַכן a la „דער קאָטער אין די שטיוול" [כ'האב זיך דערביי סוף כל סוף אליין באקענט מיט א קליינער פריילינער און גייסטרייכער זאך, וועלכע מיין מאמע פלעגט מיר אפט דערציילן] — און פארענדיקנ־דיק מיט די נאָוועלן און מיט די קריטישע ארטיקלען, וואס זיינען נאך גאנץ אינטערעסאנט — פאר אונז אויך [למשל, וועגן וואַלענשטיינען, וועגן פרינץ פאָן האָמבורג, וועגן קעטכען פון היילבראָן, און קודם כל די „כאראקטערן אין האמלעט"] מיר האבן זיך איינמאל געמאטערט אף א קליינע נאָוועלע, וואס איז ארויס בא רעקלאַמען [דאכט זיך די „געזעלשאפט אין דארף"] זי האט זיך אונז אויסגעדאכט זעער נודנע — דערמאנסט זיך? איצט האב איך געפונען זעער שיינע זאכן, למשל „די תנאים", „דער אָפּשייד" — א קאָנצעטרירטע טראגעדיע — מען קאן עס כמעט פארגלייכן מיט „סטעלא", דעם „בונט" האב איך געלייענט מיט 25 יאר צוריק, בשעת מיין טאטע האט עס אפגעדרוקט אינ'ם „פארווערטס". איך בין זיכער, אז דו וועסט קומען אין קאָנטאקט מיט טיק'ן, וואס מער דו וועסט זיך באקאנען מיט „העלדערלין" . . . געדענקסט נאך יענע יוני־נאכט אין טירגאָרטן — א שווארצע וועווערקע אפ'ן בוים, „דער כשוף־גלאנץ פון א לבנה־נאכט" — מיר דאכט, אז נאך דער מלחמה וועט די ראָמאנטיק געפינען א היפּערטראָפירט־גיגנציקן באָדן צווישן די מיטעלע שיכטן און בא דער אידעאליסטישער אינטעליגענץ, פונקט ווי פאר די מערץ־טעג — געוויינטליך, אויב אלץ זאל ניט אוועק אנדערש.

. . . כ'פיל זיך גאנץ גוט — דעם גאנצן טאג מאך איך פרייע איבונגען בא דעם אפענעם פענצטער; און יעדן פרימארגן — קאלטע אפּ־רייבונגען, יעדן אוונט — טרוקענע אפּרייבונגען, אזוי איז מען גיכער ווי אלץ גובר די פיזישע שווערקייטן פון דער תפיסה. מיר דאכט זיך אפילו, אז די פארב פון מיין הויט איז גוט. דו ווייסט דאך, אז איך ווער זעער לייכט ברוין. בעת דו וועסט ווידער קומען צו מיר, וועסטו זיך באַרואיקן; סוף כל סוף וועל איך זיך אזוי דערפּעשטשען ביז צום נארמאלן מצב. מיט מיין הויפּט־ארבעט [„די געזעצן פון דער באוועגונג"] שטיי איך אף איין ארט. די גרונט־הנחות זיינען שוין פארטיק, אין דעם ערשטן פּראָיעקט זיינען זיי שוין לאנג פארטיק — אבער כאַאָטיש. איצט דארף מען מאכן א סדר, פאנאנדערגלידערן, בויען. דאס ציט מיך תמיד ווייניקער צו, ווי דאס שאפן פון אנהויב אן:

דאס ארויסקוועלן, דאס סאמע טראגן־און־האבן: דאס אלץ, וואס איז א הפך צו יענעם סדר, וועלכן כ׳וואלט אנגערופן: דערציאונג... ווען וועסטו זיין ווידער אין בערלין? גיב מיר צו וויסן, כאטש מיט איין ווארט, א קארטל — בקיצור... א מיאוסע מעשה — כ׳וואלט נאך געוועלט אזוי פיל שרייבן — אבער דער בריוו מוז אוועק — כ׳בענק שטארק נאך דיר, טייערסטע, א סך א סך מער ווי דו נאך מיר.

... איך קוש דיך, קום, לאז מיר אוועקלייגן מיין קאפ אין דיין שויס און רוען לאנג, לאנג.

כ׳אָלט איך איצט געקאנט ארויס און ארבעטן — צום שווארץ... איצט זיי רואיק, אומרואיק הארץ! נאכאמאל! טייערינקע, זיי געזונט, — זיי געזונט, טראכט וועגן מיר, בשעת עס פאלן אָן אף דיר די "בייזע רוחות", דוקא יעמאלט מער ווי אלעמאל — און געפין קראפט און בטחון אין די געדאנקען וועגן מיר, אינ׳ם צוטרוי צו מיר — אל׳ דאס גוטס און מיינע קושן און לאסקעס.

דיין קארל.

כ׳דארף נויטיק ווי לעבן א ביסל זאלץ; שוין חדשים לאנג ווי מיר קריגן שוין א קערנדל ניט. כ׳האב שוין דא אנומעלט געבעטן! דו אדער אליסע, טוט מיר א טובה.

לוקוי, 17. 6. 10.

[דעם 219־טן טאָג; אייערנעכטן, שוין א האלב יאָר — דאָ!]

טייערסטער העלמי!

היינט נאר בקיצור - ס׳איז ניטא קיין צייט.

האָלאַנד! כ׳ווייס, אז איר וועט מסכים זיין מיט התלהבות, באַזונדעס דו. שוין נישט גערעדט וועגן דעם, וואס כ׳האב געשריבן — פארט איר דורך דעם אינדוסטריעלן געביט — אלנפאלס דארפט איר פאָרן מיט׳ן באַן דורך דאָרטמונד־עסען, און כאטש איר וועט ניט אראפשטייגן, דאס זען אליין מאכט א קאלאסאלן רושם [דער עיקר, באם פארן מיט באַן דארפט איר קוקן די גאנצע צייט דורכ׳ן פענצטער — און טאקע פון ביידע זייטן]. בשעת איר וועט פארן צוריק, וועט איר אפשר זען קעלן מיט דער קאָטעדרע, מיט אירע פארצייטיקע ראָמאנישע און

פאַר־ראָמאַנישע קירכן — און דערנאָך אַ נסיעה איבער׳ן ריין — און אפילו אויב נאָר ביז באָן — דער ריין איז דער שענסטער טייך אין דער וועלט׳ ניט געקוקט אַף העדזוען —·

אבער נאָר „אפשר״ — באַשטיין אַף דעם דאַרפט איר ניט — אויב ס׳וועט זיין שווער — ווייל דער עיקר איז פאַרט האָלאַנד: צוליב דער דערנערונג און צוליב דעם לאַנד גופא — אויב ס׳וועט זיך נאָר איינ־געבן מיט׳ן פאַס·

און איצט צו דיין בריוו פון ·5 ·2: דיין לערנען אסטראָנאָמיע נעמט׳ דאַכט זיך׳ אַרום די טאָפּאָגראַפיע פון די שטערן· דאָס איז אויך מערקווירדיק ־ שיין; אבער דאָס איז ניט גענוג: עס ווערט לעבעדיק ערשט דעמאָלט׳ אַז מען ווייסט די וועגן׳ די באַוועגונגען׳ דעם מהלך׳ דעם כעמישן צוזאַמענשטעל׳ דעם ספּעקטראַלן אַנאַליז און זיינע רעזולטאַטן׳ די פיזישע געזעצן — אַף וויפיל׳ זיי זיינען אונז ביז איצט באַקאַנט: דער נאַטור־וויסנשאַפטליכער קוק מאַכט אינטענסיווער די עסטעטישע הנאה אויך׳ קאַנט רופט אָן דעם אויסגעשטערנטן הימל איבער אונז און דעם מאָראַלישן געזעץ אין אונז : די סאַמע געהויבענע דערשיינונגען — קוק זיך צו מיט דעם בינאָקל [כ׳האָב אים אויס־געצייכנט אויסגענוצט אסטראָנאָמיש אין גלאַץ] צו דער צפונדיקער קרוין און איר אַרום — דאָ זיינען אויך פאַראַן נייסן׳ ווי באַ די פלעיאַדן׳ געוויינטליך׳ עס ווענדט זיך גאָר אינגאַנצן׳ צי די לופט איז קלאָר — פון דעם הענגט אָפּ דער גלאַנץ·

האַלט הויך דעם קאָפּ! באַלד וועלן מיר זיך זען — טראַכט וועגן מיר און וועגן דעם׳ ווי איך האָב אייך ליב· איך קוש דיך אַ סך מאָל

דיין פּאַפּאַ׳ וואָס אים לעבט זיך גוט
און פאַר וועמען עס זינגען אַלע פויגלען·

צו ווערע׳ן אין זעלין [באַלטישער ים]·

לוקוי· 17· 7· 27·

מיין מייזעלע !

אַדאַנק דיר פאַר דיין בריוועלע· דאָרט איז גאָר לוסטיק — אַ סך פרייליכער׳ ווי אין דער וועלט־געשיכטע׳ און כ׳האָף׳ אַז נאָך

יענעם שענסטן טאג זיינען אונטער דער צייט שוין געווען נאך שענערע.

ניט נאר דער ים איז דארט שיין, דער וואלד אויך און די בערגלעך — דער גראַניט, די פּרעכטיקע בוקן! פּוטבוס — מיט די ווייסע הירשן אין שלאָס־פּאַרק. אבער דער ים איז געפערליך אויך און פאר דעם ארט, וועגן וועלכן דו שרייבסט מיר, האב איך מורא. גיב גוט אכט! האלט זיך ווייט פון אט דעם ארט. דער שטראם איז אפּטמאל שטארקער, ווי אזא קליין מיידל. דערפאר זיי פאָרזיכטיק! פארזיכטיק! עסטו מיין קעצעלע, אויך, ווי ס'באדארף צו זיין? ים־לופט מאכט דאך שטארק אפּעטיט.

כ'בין געזונט און טראכט אפט וועגן ריגן און זעלין און וועגן א קליי־נער שטיפערקע, וואס פלאטערט ארום און פירט אפּ מעשים אין די קוס־טעס, אינ'ם וואלד, אפ'ן ברעג־ים, און אף די כוואליעס — געוויינט־ליך בא א גוטן וועטער. א סך קושן
דיין פּאַפּאַ.

לוקוי, 17. 9. 2.
[303־טער טאג שטראף־צייט $\frac{1}{4.818}$ מארגן 10 חדשים]

טייערסטע מיינע!

מיין רעגולערער דריי־חדשים־בריוו, פון וואס זאל איך הייגט אנהויבן, בעת עס שפּארט אזא ים געדאנקען! נו גוט, מיט מיין אנהויב. מיט מיין געבורטס־טאג. עס זיינען אנגעקומען פארשיידענע טעלעגראמעס, בריוו און קארטלעך — צווישן אנדערע פון דער ראַדיקאלער גרופּע פון 6־טן וואל־קרייז, פונ'ם קאָמיטעט פון טעלטאָ־בעעסקאָ, פון דער פאַ־מיליע צעטקין, פון אַדאָלף האָפמאַן און פון גוטע פריינט, פון פּראָפעסאָר ראַדבוך, פרײלין קאַנטאָראָוויטש, פון דער פאמיליע לעווינע'ס פאמיליע אָסקאַר קאָנ'ס, פון אָטאָ בראַקע'ן — אליסע'ן — גערטרוד'ן, טעאָ, לו אין די קינדער, פון אָטאָ'ן מיט די קינדער, ווימס, קורט — פון אייך — אחוץ בעבעלע'ן: אף זיין בריוו, וואס ער האט צוגעזאגט, ווארט איך שוין לאנג. זיי אזוי גוט און גיב אלעמען איבער מיין דאנק.

איך דארף ניט איבערחזרן, אז כ׳האב זיך שטארק דערפרייט; פאר עטליכע קרובים ליגען דערביי צעטלעך, אַ [דאלף] האפמאן און עט־ליכע חברים האבן גשיקט צוויי רויזן און אויסגעצייכנטע פּוטער. א גרויסן דאנק דערפאר אויך. ניט ווייניקער האב איך זיך דערפרייט מיט פּויל האפמאנ׳ען און מיט דער נדבנ׳טע פון דעם קארשן־איינגעמאכץ, וואס דו רופסט זי ניט אן מיט׳ן נאמען, און מיט אלע איבעריקע. וואס דאגהען וועגן מיין מאגן, קלארע׳ס טעלעגראמע איז פאר מיר געווען א באזונדערע פרייד — פון גאנצען הארצן. שרייב איר אן וועגן דעם און וועגן מיין דאנק און וועגן מיינע ברכות.

... און איצט צו אייך, צו דיר, אלץ, וואס איר האט געשיקט, איז געווען גרויסארטיק, און זייט זיכער, ס׳איז מיר וואויל באקומען. כ׳לעב זיך אזוי ראציאנאל, ווי קיינער ניט: די פענצטער זיינען אָפן — באטאג און באנאכט [איצט בא דער קעלט אויך]. איך מאך פרייע איבונגען צוויי ביז דריי מאל א טאג לויט אזא מין צעטל: ארומגעדרייט די הענט צו 60 מאל אף פאָרויס און אף הינטן, 20 באוועגונגען מיט׳ן קאפּ: צו 20 באוועגונגען אף פאָרנט און אף הינטן, אף רעכטס און אף לינקס, 60 מאל דרייען די פּלייצעס, זיך 60 מאל פארבויגען מיט׳ן קערפּער אף רעכטס און אף לינקס, אדורכגעשפרייזט 250 מאל אדער מער די קאמערע אהין און צוריק — אהין און צוריק — אינאיינעם יעדן מאל צו 16 קליינע טריט, 250 מאל — 4000 טריט! — דערצו נאך ארבעט איך שטייעדיקערהייט. בקיצור איך זע, עס זאל זיך באוועגן מיין בלוט און עס זאלן ניט פארשימלט ווערן די נערוון און די אָדערן, אז איטליכע קאַלאָריע פון די דערנערונגס־שטאפן זאלן ווערן אויסגענוצט און אוועקגעשיקט ווערן אין דעם זעלבן ארט, וואו זי דארף זיין. אזוי וועל איך אויסהאלטן, אלץ — וואס עס זאל ניט זיין! איר דארפט אבער טראכטן וועגן זיך, קודם כל באזארגט זיך מיט אלץ. איר טארט קיינמאל ניט פארגעסן, אז פונקט ווי איר דאגהעט וועגן מיר, דאגהע איך וועגן אייך. יעדר ספק אין אייער געזונט שאדט מיר א סך מער, ווי די קנאפּע דערנערונג. א דאנק אייך פאר אלץ: פאר אט די פאראייניגונג פון „וואס אייער הארץ געלוסט״ און „פון וואס איר ווילט״; אבער פון איצט אן קלער נאר וועגן זיך און וועגן די קינדער און די קרובים׳ס קינדער און וועגן ראזע׳ן און פראנציסיקוסן און קעטע׳ן, ערנסט׳ן און לענע׳ן.

אמת כ'בין איצט ווי א טשיזשליק אין א שטייגל, ווי א פאלק אף א קייט: כאטש עס איז אים גוט — אים ווֹאלט זיך אבער פארט געוועלט זיין אפ'ן געגעגי אינ'ם קאמף... אבער מיט מיין שטארבן דארף מען נאך ווארטן א היפש ביסל און יענע בשורה* איז דער בעסטער סימן אז כ'וועל נאך ל א נ ג לעבן. ביסלעכווייז געוואוין איך זיך צו צו ידיעות וועגן מיין טויט. „און אז עס שטעכן מיך די דערנער און אז עס ווערט מיר דא פוסטליך", קאן איך טאקע ניט אוועקרייטן אינ'ם נעקאר-טאל, אבער איך נעם צו דעם געטליכן וויליאם**. אט דער מענטש אליין איז שוין גענוג צו מאכן איידל די גאנצע מענטשהייט, ווי זי שטייט און גייט, מיט איר גאנצער שמוץ און טעמפקייט. באטראכט זיך נאר, איך לייען איצט ווידער ראָמעאָ און יוליאַ, דאס ערשטע מאל פון פאר 25 יאר אן:

for ever is no story of more woe
than this of Juliet and her Romeo.***

דו דערמאנסט זיך ראָמעאָס רייד צו דעם אפטייקער פון מאנטוע, בעת ער קויפט בא אים דעם סם.

There is the gold, worse poison to men's souls,
Doing more murders in this loathsome world
Then these poor compounds that thou mayst not sell.****

ס'איז פאר מיר וויכטיק די באקאנטשאפט, וואס כ'האב ערשט איצט געשלאסן מיט וויליבאַלד אַלעקסוס'ן און פאָנטאנע'ן,ביידע — די סאמע פרייסישע אפילו די סאמע בראַנדערבורגישע פאעטן פונ'ם 19. יארהונדערט, ביידע, פארשטייט זיך, אין דעם איידעלערן זין: ביידע נישט קיין בראַנדענבורגער, קיין פרייסן ניט קיין דייטשן ניט, נאר — פראַנצויזן פון דער „קאָלאָניע", זיי שטאמען פון די דרום-פראַנצויזישע עמיגראנטן-פאמיליעס, א הארטער ביסן פאר די נאציאנאל-אידיאָטן און די ראַסן-פאַנאַטיקער, וואס פאָנטאַנע מאלט זיי טאקע

* אין „בערלינער טאגעבלאט" איז געווען א ידיעה, אז ק. ל. איז געפערליך קראנק. פ. פ.

** שעקספיר.

*** ווייל קיינמאל איז נאך ניט געווען א טרויעריקע מעשה,
ווי די מעשה מיט יוליען און איר ראָמעאָ'ן.

**** אט איז דיין גאלד, דער ערגסטער סם פאר'ן מענטשנס נשמה,
וואס מאכט אן אף דער שמוציקער וועלט מער רציחות,
איידער אט דער געטראנק, וואס דו טארסט מיר ניט פארקויפן.

קונציק אין זיין ראמאן „פאר דעם שטורעם": ניט נאר די משפחות פון די פירשטן זיינען צונויפגעמישט פונ'ם בלוט פון אלע אייראָ־פעאישע און עטליכע אַזיאַטישע פעלקער — די באפעלקערונג פון דער בראנדענבורגער פראווינץ, „דאס הארץ פון פרייסן" [פונקט ווי די באפעלקערונג פון גאנץ מזרח־עלביע, פון זאַקסן] איז כמעט אינגאנצן סלאַוויש (וועגדיש) — און טאקע פון אויבן ביז אונטן; געוויינטליך, איז דאס דער בעסטער באדן פאר דעם קומענדיקן דייטש־סלאַוויש־מאַדיאַריש־טערקיש־יאַפּאָנישן בונד קעגן דעם גערמאַנישן און דעם ראָמאַנישן מערב. פאָנטאַנע איז א ביסל ברייטליך, ער גיט זיך שטארק אפּ מיט קליין־מאלעריי. אבער ער איז ווייט פון ענגקייט — א „ברייטע" נאַטור, וואס איז שווער צו געפינען; ער קען אויסגעבונדן דעם אויבן־אויף און דאס אינעוויייניקסטע פון א סך געזעלשאפטליכע שיכטן — און ניט נאָר אין דייטשלאנד, נאר אין פראנקרייך אויך; ער איז דארט געוועזן געפאנגען אין דער מלחמה פון 71—70; ער קען ענגלאנד אויך, ער האט דארט געלעבט א לאנגע צייט; ער איז דורך־און־דורך פשטות, ערליכקייט — אפטמאל איז ער גראציעז און ראפינירט. זיינע „קינדער־יאָרן", וואס טראָגן א ביאָגראַפישן כאראקטער, רעקאמאנדיר איך דיר שטארק — העלמי קאן זיך אויך נעמען דערצו.

פון אט די ווערק ווערסטו זיך אין דער זעלבער צייט דערוויסן נייע זאכן, און אויך דאס אייגנארטיקע לעבן פון דער קאָלאָניע וועט דיך פאראינטערסירן. איך וואלט זיך געפרייט, ווען דו הערסט זיך צו צו מיינע עיצות אפ'ן געביט פון ליטעראטור — איך זאג עס דיר אגב־אורחא.

וועגן דעם, וואס עס טוט זיך פון יענער זייט — צי איז יא מיגליך, צי ניט, אז באלד זאָל מען זאגן „ביז מיכאַעליס" און ניט „פאָן מיכאַעליס" — וועגן דעם און וועגן א סך אנדערע וויכטיקערע זאכן מוז איך אצינד שווייגן. מיינע רעיונות ווייסטו דאָך. צוריק צו דער אידיליע: צו די פויגלען. זיי מוחל, וואס הערט זיך מיט דעם בוך וועגן די פויגלען — די שמימען, [אבער די בילדער אויך! און די באשרייבונג פונ'ם שטייגער־לעבן, אויב עס איז נאר פאראַן פון דעם מין — אלץ צוזאמען]. וועגן דער ביבליאטעק־ארבעט* דערוועג איך זיך ניט צו טראכטן אפילו אין חלום — אבער אן אנדער זאַך: „Le Sage — Gil Blas" און „Diable Boiteux" פעלן ביידע

* ארויסגעבן די פראצעס־אקטן.

אויס: און דאס שפיר איך נאך שטארקער ווי „Rouge et Noir“ ביידע ביכער געפינען זיך אין מיין טאטעס ביכער־שראנק אין מיין ביורא־צימער· שיקט מיר זיי צו· אז ס׳וועט זיך לאזן: זע׳ דאס ניט צו פארגעסן· דעם קומענדיקן חודש וועט איר ווידער זיין בא מיר· שוין 7 וואכן· ווי דו ביסט געווען בא מיר דאס לעצטע מאל! כ׳פריי זיך אזוי· אבער גיב בא־צייטנס צו וויסן! · · · ראָזע׳ן באזוך ווי אפט עס לאזט זיך נאר· און שרייב צו איר און זארג פאר איר געזונט; מלחמה־צייט האט זי הינטער זיך שוין איבער צוויי יאר!! זאג איר· ווי פיל איך טראכט וועגן איר· און אז איך ברום אפט אונטער די אוווערטיורע פון פיגאראָ: דעמאלט שטייט איר בילד אזוי לעבעדיק פאר מיינע אויגן· פונקט ווי „פיגאַראָ“ וואלט געווען „א שטיק פון איר“·

זיי מיר מוחל· כ׳בין היינט אזוי טעמפּ און ניט באוועגליך און שרייבן מוז איך פארט: כ׳וואלט געוועלט· דו זאלסט זיין דא און הערן מיט מיר דאס גראז־שפּערעלע און דעם קינדער־געצוויטש פון דער ווייט· — און מיר לייענען דאס בשעת מעשה ראָמעאָ און יוליא: „It was the nightingale and not the lark“* — — — הייסט עס· נאכאמאל: זעט זיך צו — ז י ך· ז י ך; נאר בעת כ׳וועל זיין זיכער· אז איר האט לכל הפחות אזוי פיל און דאס אייגענע גוטס· וואס איך· נאר דעמאלט וועל איך קאנען האבען הנאה פון דעם· וואס איר שיקט מ י ר· נאר דעמאלט וועט עס מיר וואויל באקומען; נאר דעמאלט וועל איך עס בכלל אננעמען· — אויב ניט לאז איך עס שיקן צוריק: איך זאג עס ערנסט!! איך קוש דיך און נעם דיך ארום· הארץ מיינס·

דיין קאַרל·

לוקוי· דעם 8· 10· 17·

מיין טייער הארץ!

איר זייט אוועק· ס׳איז פארביי אייער וויזיט· אף וועלכן כ׳האב געווארט ווי אף דער אנטפּלעקונג פונ׳ם הייליקן גייסט; און איצט—ערשט אין

* דאס איז געווען דער סאלאוויי און ניט דער לערך·

דעם נייעם־יאר — ווינקט א האפענונג אף א נייע נחמה· אבער איר זייט נאך אין לוקוי· איצט איז א פערטל אף צוויי· מיינע הענט און מיינע ליפּן זיינען נאך ווארעם פון דיר· פון דיינע קושן און דיינע לאסקעס· בעת עס קומען אסך אף איינמאל· קומט אויס פאר איטליכן אזוי קנאפּ· הגם· פון דער אנדער זייט· גייען א סך זאכן ארויס פיל אינ־טימער· ווי ווען דאס וואלט געווען נאר דער סאמער נאָענטסטער· כ׳וועל שפּירן· ווי איר וועט גיין צום באן פארביי דער תפיסה· און כ׳וועל הארכן· צי וועל איך ניט דערהערן דעם פייף פונ׳ם לאקאמא־טיוו· איך האב דיר נאר געוואלט זאגן אזוי פיל און דיך בעטן· זאלסט זען צו זארגן וועגן דיין געזונט — דיין פארקילונג געפעלט מיר ניט — און וועגן דיין עסן — צו גוט־דערנערט זעסטו· באמת ניט אויס! טראכט ניט נאר וועגן די קינדער — וועגן זיך אויך· וועגן זיך אליין: ווי ס׳באדארף צו זיין און אָן קיין שום טענות: צוליב מיר· צוליב די קינדער· צוליב דיין מאמען צוליב דיין ברידער־און־שוועסטער· צוליב אונז אלעמען· און איצט היטל זיך אף גיך אויס· די קלענסטע פארקילונג איז א סכנה אין אט דער איבערגאנגס־צייט· וואלט איך איצט געווען אינ׳ם „גאלדענעם רינג״ — בא הער פערסטער׳ן [דעם אויפזעהערס ברודער· וואס ארבעט איצט בא מיר]· וואלט איך דיר ארייננגעגאסן א פאר הייסע גראָגן· טו עס אינדערהיים אליין·

כ׳האב גערעדט מיט׳ן הער דירעקטאר וועגן העלמיס ענין· ער האט א סך ניט געקלערט· און אפ׳ן סמך פון זיין פּראקטיק בא דער דערציאונג פון זיינע אייגענע קינדער האט ער מיר געגעבן אן עצה· וואס פּאסט זיך צונויף אף א האר מיט דעם· וואס איך מיין· כ׳האָב געבעטן· ער זאל מיר נאך היינט לאזן שרייבן צו דיר: כ׳האב געוואלט· אז סוף כל סוף זאלסטו באשליסן אליין· על כל פנים· וואלט איך ניט געוועלט גיין קעגן דיין מיינונג ; זאגן דיר· וואס איך מיין· בעת די קינדער זיינען געווען· האב איך ניט געקאנט: כ׳האב ניט געוועלט אף זיי משפיע זיין אף פארויס· כ׳מיין אט וואס: עס לייגט זיך מיר שטארק אפ׳ן שכל· אז דאס לערנען אין דער שול האט קיין שום ווערדע ניט ; נאך מער—עס מאכט נאך מער אפּגעלאזן· דאס הייסט: עס ברענגט צו רעזולטאטען וואס זיינען דער הפך צו דער אמת׳ער עובדא פון שול—סיי אין דער גייסטיקער אויסבילדונג· סיי אין דער אויסבילדונג

פון כאראקטער· אויב דער בחור ארבעט נאָר סיסטעמאטיש פאר זיך אליין— אנטוויקלט ער זיך· אַף געוויס· ווי געהעריק: הן גייסטיק· הן אינ׳ם פרט פון זעלבסט־דיסציפלין: און די מעלות פון זיין אליין פאר זיך ווערן דעמאלט בשיימפערליך און באזונדערס שטארק· ס׳פרעגט זיך נאָר· צי וועלן אויסגעפירט ווערן די תנאים· דער טייטש· צי וועט העלמי סיסטעמאטיש ארבעטן· צי וועט ער ניט פארלאָזן זיין געזונט· איך האף· אז יאָ: ווייל ענערגיע פארמאגט ער און אויך דעם ווילן· צו האלטען זיין ווארט· אויסצופירען דאס· וואס ער נעמט אף זיך· אבער כדי צו זיין זיכער· אז די דאזיקע האפ־נונג וועט מקוים ווערן· לייג איך דא נאך צו א בריוו צו אים אליין — און נאך וואס: דא גייט ניט וועגן א ענדגילטיקן באשלוס· נאר וועגן א צייטווייליקער זאך — אף צוויי חדשים· הייסט עס· אפילו אין סאמען· סאמען ערגסטן פאל איז עס פארט ניט קיין געפערליכער עקספערי־מענט! אויב דאס זאל אבער פירן צו גוטע רעזולטאטן· קאן עס האבן א גרויסע באדייטונג פאר זיין דערציאונג; און אף אט די גינציקע מיגליכקייטן האף איך טאקע שטארק· העלמי׳ן עקבערט שוין דאס חדשים־לאנגע· דאס קומט אים· באמת· ניט אָן לייכט· אבער זיין צו הארט בא׳ם דערפילן פון אזא טיף־איינגע־ווארצלטן וואונש· טאר מען אויך ניט· דאס לעצטע· האט דער הער דירעקטאר באזונדערס שטארק אונטערגעשטריכן [אפ׳ן סמך זיין ערפארונג: ער האט אויך זין]· ער האט געזאגט· אז בעת ער פלעגט נאכגעבן אין אזוינע מיני זאכן· פלעגט עס תמיד ברענגען צו גוטע רעזולטאטן· אזוי מיין איך — בכן· פסקן דו· אויב דאס אי־בערצייגט דיך זאג העלמין: יאָ — און גיב אים איבער דעם בריוו· וואס ליגט דערביי· בלייבסטו בא דיין מיינונג· זאג אים: ניין — און גיב ניט אַפּ דעם בריוו — אזוי· הייסט עס· —

און נאך א ווארט· וועגן די קניידלעך און אלץ וואס איז שייך צו דעם: די קניידלעך זיינען נאך געווען ווארעם! מיט א פענאָמענאַלן אפעטיט האב איך אויפגעגעסן 3 און א האלבע· דער טעם — גן־עדן! דער רעשט וועט ווערן אויפגעגעסן היינט אינאוונט און מארגן: בא א קאלטער טעמפעראטור אבער בא הייסן אפעטיט· R. I. P. S. (ריפּס· דער טייטש *(requiscat in pace sancta די מנדבים פון די

* זאלן זיי ליגן אין זייער הייליקער רו·

רוי־שטאָפן און די קאכערס, — אפנים, הילמע׳ן — מיין שענסטן דאנק! און איצט — א סוף, דער בריוו דארף היינט אוועק, און פונדעסטוועגן נאך עפעס: ס׳ארא ים שיינע ערטער זיינען עס פאראן אינ׳ם „קיניג יאָהאן״ * כ׳האב עס גארניט גע־געקענט, אזא ממזר! און די קאָנסטאַנס, אַרטור׳ס מאַמע: איר באַ־ווײנען ארטורס געפאנגענשאפט געהערט צו די שטארקסטע זאכן אין דער וועלט־ליטעראטור, כ׳ווייס ניט, ווי דאס איז איבערגעזעצט, אבער דו האסט נאך א קליינע ענגלישע אויסגאבע, גאר א דינע, א קליין בענדל, קוים וואס מען זעט אים — גאר א פיטשינקער ליליפוט־שריפט, אין דער אלטער דירה איז עס געשטאנען לעבן דער אָק־ספאָרד־אויסגאבע: צווישן דער ליטעראטור אף פעמדע שפראכן, פראנ־צויזיש און ענגליש, זע, נעם עס ארײן אין האנט, שרייב מיר אָן דיין מיינונג — 3־טער אקט, 4־טע סצענע!

גערים הארציק אלעמען,ביידע פראנצ׳ן און לענע׳ן ** און אלעמען, דער עיקר לענע׳ן, טעאָ׳ן זאג א דאנק פאר׳ן בריוו, איר האט ליידער, גארנישט ניט דערציילט וועגן דעם, אז פאָק האט זיך, מעשה ריטער, אנגענומען פאר זיין תפיסה־פעטער, און איצט—די קושן, די קושן, זעט זיך צו: זייט ניט אין דער קעלט פארקילט זיך ניט, קודם כל עסט גוט, כ׳אלט איך היינט געקאנט עסן מיט דיר ווארעמס! אין דעם קעמערל פון דעם מאנאך! ווי אפט האב איך געגארט צו לעבן אין א קלויס־טער! כ׳דערשרעק זיך כמעט, ווי עס ווערן מקוים אלע מיינע וואונשן — פאליקראטעס נומער 2, איצט אבער — טאקע א סוף! און נאך און נאך אמאל א סך קושן פונ׳ם מאנאך,

פאָליקראַטעס,

צו ווערען,

לוקוי, 17, 11, 9

מיין קעצעלע!

דו האסט מיר אויך געשריבן אזא לאנגן און אזא שיי־נעם בריוו, דו באקומסט אבער נאר א קליין צעטל — א פאָר שורות,

* שעקספיר,

** מערינג, פפעמפערט און לעאָ יאָגישעס,

אבער ס׳ארא סך ברכות און די בעסטע, די סאמע בעסטע ברכות: ברכות צו די יום־טובים; כ׳בין היי־יאר ווידער אפגעריסען פון אייך. [אבער ס״ה נאך צוויי מאל!] און א ברכה צו דיין נסיעה קיין פראַנקפורט. פרייסטו זיך שוין איצט! דו וואַרטסט, וואס וועט עפעס אזוינס זיין צו זען, און ביסט אזוי וואוילי, ווי א טורטל־טייבעלע.

כ׳אלט איך דיר עפעס געקאנט שענקען! ניטל — ניי־יאר — אלץ קומט באלד אזוי גיך. און באלד וועלן די טעג ווידער ווערן לענגער. כ׳האף, אז איר פריערט ניט! בעת איר וועט פארן מיט דער באן, וועט איר דארפן זען זיך ניט צו פארקילן, די פיס דארפן אלעמאל זיין טרוקן אוןווארעם.

איך קוש דיך, קליינינטשקע — און קוש דיך נאכאמאל, טראכט א ביסל וועגן דיין פאפא אויך; ער איז אבער געזונט און שטארק. גיב אויך איבער קושן לאָטען פאָקן און די „יינגלעך״ פון דער טאָמאזיוס־גאס.

דיין פאַפאַ.

אָן א דאטע; מסתמא, נאוועמבער 1917.

סאָניטשקע טייערע!

כ׳שרייב עס כמעט גאר אינדערפינצטער — כ׳פרווו טרעפן — און ס׳איז שטארק קאלט, בכלל אבער שפיר איך זיך גוט — די ארבעט־צייט פארנעמט ביז א מינוט די שעהן, ווען ס׳איז ליכטיק — דורכ׳ן פענצטער פאלט אַלכסונדיק פון דרויסן א שמאלער ליכט־פאס פון א לאטערנע, ער ווערט נאך פארשטעלט דורך דעם נעץ פון די גראטעס און שטאבעס — אזוי שטארק ווער איך איצט געשטערט אין דעם לעזעניש און אין דעם שרייבעניש. די פאר שעה זונטאג איז געווען אזוי פינצטער, אז כ׳האב קוים באוויזן דורכצולייענען די צייטונגען, און דאס איז נויטיק, כדי צו זיין אָריענטירט. — מיין מייסטער, דער שוסטער, האָט מיר דא ניט לאנג אויפגעגעבען צו פראדוצירן א סך מער; אויב ניט — וועל איך פארלירן די צושניידערייי, און די ארבעט איז מיר אין א סך פרטים גאנץ באקוועם און אנגענעם. אט דאס בינדט מיך אויך נאך מער ווי אלעמאל. —

וועגן אנדערע זאכן וועלן מיר זיך דורכשמועסן; איך האף! ניטא קיין צייט·!

געריס אלע גוטע פריינט· דיך און די קינדער קוש איך

דיין קאַרל·

לוקוי׳ דעם 11·| 11· 17·

דעם 373־טען טאג·

### הארץ מיינס!

אָ סאָניע׳ my faire wife — my life, my food, my joy, my all the world . . . my prisons' comfort and my sorrows cure *

ווי אזוי האב איך עס געקאנט פארגעסן דעם ערשטן אקטאבער — אינדערצייט וואס כ׳האב ווי א נאריש יונג מיידל געקלערט וועגן אזא סך שטותערייען׳ וועגן אזוינע נישטיקייטן׳ גלאז־פערל און פסולת! דעם אמת׳ן פערל׳ דעם רובין האב איך פארחלומט! היינט׳ בעת עס זיינען שוין אוועק 6 וואכן׳ קאן איך נאך אלץ ניט קומען צו־זיך׳ מארגן ווערט פינף וואכען׳ ווי איר זייט געוועזן בא מיר׳ פונאוונט׳ דעם זעלבן טאג בעת דער עקספרעס־בריוו איז שוין אוועק׳ האט מיך געטראפן דער בליץ· און ס׳זיינען מיר געווארן אזוי פיל זאכן קלאר: דיין אנטוישונג׳ בעת דו האסט געלייענט מיין צעטל — דו האסט בשעת מעשה געהאפט׳ אפשר וועט כאטש איין שורהלע זיין וועגן 1־טן אקטאבער· גיב מיר דיין ווארט׳ אז דו ביסט שוין מער ניט ברוגז אף מיר׳ אז דו האָסט אלץ פארשטאנען — און דו פאַרשטייסט· אז מען קוקט זיך צו צו זיך אליין׳ זעט מען׳ אז בעת מען האט שטארק מורא צו פארגעסן עפעס׳ פארגעסט מען עס דוקא· און כ׳בעט דיך׳ טייערסטע׳ שאף זיך א גוטע אויסגאבע פון טיק׳ן — אלץ איז ניט מיגליך — אבער די אויס־געקליבענע ווערק: אלנפאלס מיט ״וויטאָריאַ אַקאָראָמבאָנע׳ן״ ״דער בונט אין סעווענען״ און ״דיכטער־לעבן״· כ׳בעט דיך׳ טו עס — אליין קאן איך דאך ניט· און נעם עס׳ פונקט ווי דאס וואלט געוועזן פון מיר; און שרייב אריין: 1־טר אקטאבער 1917·

היינט מעג איך דיר שרייבן מחמת א סיבה׳ וואס׳ איז גאר

* מיין שיינע ווייב׳ מיין חיות׳ מיין פריינד׳ מיין גאנצע וועלט · · · · טרייסט מיניס אין דער תפיסה׳ און מיין נחמה אין מיינע דאגות·

פרייליך: מען האט מיר דערלויבט אליין באלייכטן מיין קאמער: דאס הייסט: פון מאנטאג ביז פרייטאג פארלעשט מען איצט די גאז און מען פארשליסט אונז א זייגער האלב זיבן. מען שליסט אויף דריי פערטל זיבן. שבת פארשליסט מען 6 אזייגער — מען עפנט 7 אזייגער, זונטאג — פארשליסט מען האלב 6; מען שליסט דריי פערטל 7. באלייכטונג ביז אן ערך 10 אזייגער מאכט אויס 17 ½ פליוס 4 און ½ 4 = 26 שעה אין וואך.

דאָ ניט לאנג האסטו גערעדט וועגן דעם, כ'זאל בעטן אַן ער־לויבעניש אף אייגענע באלייכטונג, הייסט עס, דו האסט עפעס בדעה וועגן באלייכטונגס־מיטלען. דהיינו? נאר, פארשטייט זיך, איר טארט ניט אפש ארן פון זיך!! נאר דאס, וואס איז מיגליך אָן גרויסע מי און אָן גרויסע הוצאות. כ'וואלט גארניט געפאלן אפ'ן שכל, אויב דו וואלסט דא ניט לאנג ניט אריינגעווארפן א פונק אינ'ם פולווער פאס פון מיינע ליכטיקע געדאנקען. דו קאנסט זיך מאלן, אז די דאזיקע האפענונג מאכט מיך גליקליך שוין איצט, און אז יעדער טאג, וואס פריער די האפענונג וועט מקוים ווערן, דאכט זיך מיר שוין איצט אויס, ווי א גרויסער געווינס. פריער פלעגט מען יחידים געבן ביז 10 א זייגער באלייכטונג, איצט קוקט מען אף דעם קרום. ווי מען דארף מאכן דעם ענין, ווייס איך ניט קלאר. בעסער פון אלץ וואלט געווען, ווען דו וואלסט מיר תמיד באזארגט מיט ברען־מאטעריאלן אף דריי חדשים — מיט אָנצינדערס און מיט די איבעריקע קלאפער־געצייג, פון איין קומען ביז דעם אנדערן. איצט — ביז מיטן יאנואר, ביז אייער קומעדיקן וויזיט...

אָ ק אָ ר ש ט האט מיר דער הער דירעקטאר ארויסגעגעבן די צייטונגען — הייסט עס, ד י וואך איז פון אייך פאראן א סימן פון לעבן, א גרויסן דאנק, א דאנק.

דא איז איצט א גרויסע איבערקערעניש: מחמת מען וויל אפשפארן האלץ און באלייכטונג, האט מען אונז ארויסגעפירט פון אונזער „קלויס־טער" — שוין 18 טעג ווי איך ליג אין דעם נומער 45 פון דעם אזוי גערו־פענעם „פליגל" [איזאליר־פליגל] פון דעם גרויסער ציגל־הויז אנט־קעגן דעם קלויסטער: אנשטאט אף דרום, איצט אף צפון. די קא־מערע איז עפעס ענגער און האט נאר די געוויינטליכע קלאפ־פענצטערס אויף דורכצולופטערן און אויף ארויסצוקוקן. אבער כ'זע דעם הימל און

פונאווענט, באנאכט די שטערנס: דעם גרויסן וואָגן, דעם צפון־שטערן

„the Northern-Star, — of whose true—fixed and resting quality —
There is no fellow in the firmament.
The skies are painted with unnumber'd sparks,
They are all fire and everyone doth shine,
But there's but one in all doth hold his place."

און ארקטורוס בליצט אויך אויף פון דער לינקער זייט. און אינדערפרי, האלב 6 א זייגער זע איך אפ'ן ארט פונ'ם גרויסן וואָגן די שימערירנדיקע קאַסיאָפּעא. און באלייכטונג איז איצט אויך פאראן, א קלייניקייט, וואס כ'וועל איצט קאנען ארבעטן. כ'קאן זיך שוין קוים דערווארטן.

די צייטונגען האב איך געקאנט דורכקוקן נאר פון אויבן־אויף. דער גוואלטיקער פּראצעס פון דער סאציאלער און עקאנאמישער רע־וואלוציאנירונג — פון די טיפענישן ביז אויבן־אויף! — דריקט זיך דערווייל אויס אין רוסלאנד נאר אין דער פּאליטישער רעוואלוציאנירונג פון דער קאנ־סטיטוציע און פון דער אדמיניסטראציע — די רעוואלוציע האט זיך נאך ניט פארענדיקט; די רעוואלאציאנירונג הויבט זיך ערשט אָן; מיגליכקייטן — אָן א שיעור — א סך גרעסער ווי אין דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע; ס'איז א סך גרעסער דער מהלך צווישן דעם, וואס איז געווען, און דעם, צו וואס מען שטרעבט איצט און וואס איז נאָך מיגליך; דאס אייגענע איז מיט דעם מהלך צווישן דער הייך, די באַ־דערפענישן, די מיגליכקייטן פון פארשיידענע קאנטן און פאלקס־טיילן: זיי גייען זיך אזוי פאנאדער אין זייער קולטורעלער אנטוויקלונג; און קודם כל איז גרעסער דער מהלך צווישן דעם מצב, די באדערפענישן און די צילן פון די פארשיידענע שיכטן און קלאסן אין יענע געביטן און פאלקסטיילן, וואס זיינען קולטורעל און עקאנאמיש אנטוויקלט מער ווי אלע. די סאציאלע רעוואלוציע, וואס די מורא פאר איר האט אין דייטשלאנד פארקריפּלט די בורזשואזע רעוואלוציע — איז אין רוסלאנד

* „. . . דער צפון-שטערן,
וואס פון זיין אייביקן, שטענדיקן מין,
האט ער ניט קיין גלייכן אינ'ם פירמאמענט.
אין הימעל שיינען פונקען אָן א צאָל,
אלע זיינען פייערלעך און איטליכער שיינט."
נאר איינער פון זיי בלייבט תמיד אף זיין ארט"
(„יוליוס צעזאר", שעקספּיר.)

דאכט זיך, שוין שטארקער ווי די בורזשואזע — אזוי איז עס לכל הפחות אין דעם מאמענט, לכל הפחות אין די סאמע קאנצעטרירטע צענטרען פון רוסלאנד. אמת, דער רוסישער קאפּיטאליזם שטייט ניט איינער־אליין, דער פראנצויזיש־אמעריקאנישער שטיצט אים. געפינען פאר דער פּראבלעם כאָטש א צייטווייליקע, טיילווייזע פּאר׳ענפערונג אין דער מלחמה־פראגע, פאדערט שוין א טיטאנישע ארבעט. וואס איך דערוויס זיך וועגן די דאזיקע געשעענישן, איז אזוי ספּאָראַדיש, אזוי צופעליק, אזוי פון אויבן־אויף, אז איך מוז זיך באגנוגענען מיט סברות. אין קיין זאך שפּיראיך ניט אזוי מיין אפּגעשניטנקייט פון דער וועלט ווי אין דער רוסישער פראגע···

דיין בריוו, וואס דו האסט דא ניט לאנג געשריבן צו דעם הער דירעקטאר, האט ער מיר געגעבן דורכצולייענען. יא, קינד מיינס, כ׳האב באקומען אלע פאקעטן — און טאקע דא ניט לאנגע זונטאג 2 א זייגער באטאג ברענגט מיר צוטראגן ווידער דער הויז־פּאַטער א נייעם, פול מיט טייערע זאכן — כ׳ווייס ניט, ווי איך זאל דיר אפּדאנקען, איך וואלט געוועלט, טאקע באמת געוועלט, אז דעם גרעסטן טייל זאלט איר לכל הפחות פארברויכן איינער־אליין. כ׳בעט דיך, כ׳בעט דיך, טראכט וועגן זיך, וועגן די קינדער; איך בין באמת איצט געזונט און שטארק, גרייט אף אלץ, אבער איר? — כ׳האב אלץ די זעלביקע דאגה — און דאס מאַכט מיר צו גאל אַיטליכן ביסן. און איך זאג אף אן אמת, אז דער קריגס־קאָמפּאָט איז מיר מער געפעלען ווי די בעסטע מארמעלאדע; און די טאָרט, וואס איר פלעגט שיקן פריער, איז מיר געווען אזוי ליב, ווי דער גן־עדן־קוכן, מיט וועלכן איר פארכישופט מיך איצט. אזוינע דעליקאטעסן און פון דעם מין, בעט איך דיך, לאז איבער פאר זיך. פארוואס טוסטו עס ניט מיר צוליב. וואס מאכן די גוטע פריינט? א גערוס פאר אלעמען און א יישר כוח — וואס עס זאל ניט זיין — א צאָל ניט נאָכגעבן! אף דרויסן איז עפּעס גאר ניט געשען? דאס, וואס די עסטרייכער האבן נאכגעטון ווירצבורג איז ווערט געלט. צוויי עמודי־התוך פאר די נייע איטאליענישע אפּעראציעס, וואס זייער קריגס־פּאַליטישע מפּלה קאן איצט לייכט אריבערגיין אין דייטשלאנד אין דעם הפך. qui vivra – verra* די קינדער זיינען געזונט? באָב

* ווער ס׳וועט לעבן, וועט זען.

קלערט עפּעס וועגן ברענטאַנאָ׳ס מעשהלעך? דער עיקר׳ העלמי׳ דאַרף א סך זיין אפּ׳ן פרייעם. באוועגונג! און ניט אזוי שפּעט בלייבן אויף. איר זייט דאָך געזונט? ס׳וועט קומען אַף גיך א בריוו? כ׳מוז פארענדיקן׳ מיין טייערסטע׳ כ׳נעם דיך ארום און קוש דיך טויזענטער מאָל

דיין קאַראָלוס.

לוקוי׳ 17. 12. 9.
דעם 401־טן טאג תפיסה.

מיין קינד!

היינט וועט עפּעס ניט זיין שטארק פריילעך. אינדרויסן — א געדיכטער נעפּל׳ אומעטום א נעפּל־דאמף. עס דרינגט ממש אריין אין אלע גלידער׳ אין אלע אָדערן און נערוון. אבער איך לאָז זיך ניט׳ איך וועל זיך ניט לאָזן. און דער טייוול זאל מיך נעמען און זאל נעמען איטליכן׳ וואס גייט נאָך. יאָ׳ זיין איצט אַף דרויסן׳ איצט שלאָגט מען זיך אָן אָן די ווענט. אבער איך בין אויבן־אויף. געזונט — און אלץ. שוין דריי וואָכן׳ ווי איך האָב באַ־לייכטונג — פּונאוונט 2 איבעריקע שעה. געשיכטע׳ פילאָסאָפיע. דערצו גאנץ אפּט א ביסל שעקספּיר — דאָ ניט לאַנג: אָטעלאָ׳ ליר׳ קאָ־ריאָלאַן. ס׳פארטראָגט זיך אויסגעצייכנט מיט דער שוסטעריי. דו האָסט טיק׳ן? די דאָטע אריינגעשריבן? לייען ניט נאָכדער־ריי. אַניט וועסטו תיכף אוועקוואַרפן. דיין טעאַטער־איבערבליק איז געווען א אַלגע־מיינע קולטורעלע כאַראַקטעריסטיק. געדולד איז א מעלה פון שקלאַפן. כדי צו באזייטיקן די שקלאַפעריי דאַרף מען פאַרמעגן אומגעדולד. כדי גע־וועלטיקן איבער אָט דער מעלה׳ כדי זי עוקר מין השורש צו זיין. אָט די פּי־ליסטערשע אָקסן־זשאַבעס׳ וואָס קוואַקען וועגן פרייהייט! א נס׳ א נס׳ וואָס פּלאַצט ניט די גאַל ... מאָרגן זייַנען דריי וואָכן זינט ס׳איז באַ מיר געווען גערטרודע און די יינגלעך — און ניין וואָכן׳ זינט דו ביסט געווען דאָס לעצטע מאָל׳ און אין פערצן טעג ארום איז ניטל. וואָס איז איצט? די קינדער פאָרן קיין פראַנקפורט? דו פארסט זיך אפּרוען אַף דרום? איך וויל דיר ניט געבן קיין שום עיצות׳ ווייל ס׳פעלט מיר

אויס אָן איבערבליק איבער די מיגליכקייטן. נאר איינס קאן איך זאגן: טו, וואס מען קאן נאר, כדי זיך צו קרעפטיקן, כדי זיך צו צע־שטרייען—און נאך עפּעס: זע, אז מיין חלק אינ׳ם געווינס אָן דיר, זאל ניט זיין צו קליין. ווען קומסטו? אנהייב יאנואר איז חל אייער נארמאלער וויזיט. דעם 17. 1. 8. זייט איר דאס ערשטע מאל געקומען צו גאסט, הינטער די גראטעס. אויב דו וועסט צו יענע צייט ניט קומען צוריק, וועט מען דיר, אַף געוויס, ערלויבן אריבערצוטראגן דעם וויזיט אַף שפּעטער: צווישן ניטל און ניי־יאָר. מסתמא, וועסטו קומען איינער־אליין: ווי דעם 13־טן מערץ, — ס׳איז שוין באלד ניין חדשים אוועק. מיינע חלומות בינדן זיך שוין אָן אט דער געגארטערטער געשעעניש, גיב זיי אַף גיך דורך א דאטע א פעסטן אָנהאלט...

אט די וואכן קומט אויס ראזע׳ס געבורטס־טאג אויך, גיב איר איבער פון מיינ־טוועגן אלע ברכות, פון טיפן הארצן! דאס איז איצט דער שווערסטער נסיון; מען דארף און מען וועט בייקומען דאס אויך. די גוטע פריינט: די עלנטע בערטע — און וועסטמייער — דאס איז אן אומגליק, א מוראדיקער שאָדן. גיב איבער זיין פרוי מיין מיטגעפיל. אין יאַנואר, אין 16־טן האב איך אים געטראפן דאס לעצטע מאל. ערשט אין דער מלחמה האב איך אינגאצן פארשטאנען, ווי וויכטיק ער איז. די אבידה איז גרעסער, ווי ס׳דאכט זיך אויס פון ערשטן קוק. יארן־לאנג האט ער אויס־געהאלטן מיט גרויס מוט א טייוולשן פאסטן. און ארטור* וואס איז, אמת, געווען שטארק אפגענוצט, איז אבער געווען אין א סך זאכן פשוט ניט צו פארבייטן און דערצו איז ער געווען אן ערליכער מענטש—גרייט אַף קרבנות; זיין באליבט זיין בא די מאסן איז פארשטטנדליך און האט א יסוד; זיין קרייז וועט מסתמא צוגעשטעלט ווערן די רעגירונגס־הינטלעך: מעשה „בורגפרידן״, פּאָטסדאַם — אלענפאלס דארף מען דא זיין שטארק פארזיכטיק.

פון דיין מאמען און פון די איבעריקע איז איצט דא א ידיעה? די פארשטעלונג וועגן זיי איז בא מיר אינגנאצן פארקניפּט מיט דער פאר־שטעלונג וועגן דעם אימהדיקן פאליטישן און סאציאלן קעסל־גרוב, וואס שטעלט איצט אין א סכנה אלע אונזערע האפענונגען. ווי איך קוק אַף רוסלאנד, ווייסטו, כ׳קאן פארט ניט גלויבן, אז לענין און טראצקי זיינען ניט קיין פרינציפּיעלע אינטערנאציאנאלע סאציאליסטן,

* ארטור שטאדטהאגען.

נאר רוסישע שלום־אפּאָרטוניסטן און דעמאַגאָגן, אַז צוליב דעם רוסישן רגע־ערפאלג: דערהאלטן אף א קורצע צייט זייער רעזשים — זאלען זיי דעזערטירן אינ׳ם לאגער פון דייטשן אימפּעריאליזם, אונטערשטעלען דערמיט א פּיסל דעם קעמפּנדיקן דייטשן פּראָ־לעטאריאט און העלפן ארייננברענגן דאס געדעטעניש אין די שייערן פון די שיידעמאן־דאַוויד־מנוּבלים; די איצטיקע סע־פּאראטע ארויסטרעטונג פּרוביר איך נאך צו פּארטייטשן אזוי: רעוואלואציאנער טרייבן די אנטאנט זי זאל זיין גרייט אף פּארהאנדלונגען, צערייסען אף שטיק־שטיקלעך די שלום־אינ־טריגע פונ׳ם דייטשן אימפּעריאליזם — אראפּרייסן דעם שלייער און צובינדן צום שאנד־סלופּ די אנעקסיאניסטישע פּלענער ניט נאר פון דייטשלאנד, נאר עסטרייכ׳ס און בולגאריע׳ס אויך. [אינגאנצן עפנטליך, אפּיציעל] אט דאס אליין און דייטשלאנדס ווידערשטאנד קעגן דעם אפּשטעל פון די מיליטערישע אָפּעראציעס [צוליב דער מלחמה אונטער׳ן ים] אוז דאס אויסנוצן די פּארלייכטערונג אף דעם מזרחדיקן פראָנט — דאס אלץ דארף מאכן לעבעדיק די דייטשע מאסן. ווען די אנטאנט וועט זיך אונטער דעם רעוואלוציאנערן דרוק, אזוי ארום, אפּזאגן פון אירע אימפּעריאליסטישע צילן, דאן קאן זיך אַנהויבן די קעגנזייטיקע אינטערנאציאנאלע רעוואלוציאנערע השפּעה—מיטן גאנצן ברען; דער שווינדל מיט דעם זעלבסטבאשטימונגס־רעכט בנוגע צו פּוילן, ליטע, די באלטישע פּראווינצן [איצט זיינען זיי אין גרעסטן טייל עוואקוּאירט—דוקא פון יענע עלעמענטן, וואס לאזן זיך ניט אונטערוואָרפן!] ווייזט אויף די ביטרע דעמאגאגיע. פּארשטייט זיך, אַז מצד לענינען און טראצקי׳ן איז דאס — לכל הפּחות — א דרייסטערער שפּיל: אויב זיי וועלן * a tout prix וועלן אויסמיידן די סצילע אראפּגעווארפן צו ווערן, וועלן זיי גאך לייכטער פאלן, ווי א קרבן פון דער כאריבדע — מעשה געפאנגענע פון זייער שלום־פּאליטיק, ווי א פּועל יוצא פון זייער אנטוואפענען דאס רוסישע פאלק, אײדער עס וועט זיך נאך אנהייבן יענע אינטערנאציאנאלע פּעולה: זיי וועלן מוזן שליסן א סעפּאראטן שלום מיט דעם דייטשן אימפּעריאליזם, א שלום, וואס מען האט אים באמת, געקאנט שענקען דעם צאריזם. זיי וועלן דעמאלט ניט זיין טאקע קיין רעגירונג פון רוסישע פּריצים און קאפּיטאליסטן,

* מיט יעדער פּרייז.

אבער זיי וועלן זיין א רעגירונג פונ׳ם דייטשן קייזער אין רוסלאנד׳ א שרעקליכער געדאנק׳ אז אט די משא וועלן דארפן טראגן אף זייערע פלייצעס דאס רעוואלוציאנערע רוסלאנד׳ דער רוסישער פראלעטאריאַט׳ די רוסישע סאציאליסטן! קעגן אט דעם מנובלדיקן אויסנוצן די רוסישע רע־וואלוציע לטובת די צילן פון די צענטראלע מלוכות דארף געטון ווערן מיט אלע׳ אבער טאקע מיט א ל ע מיטלען׳

ס׳איז שוין צו פיל — כ׳וועל ניט ווערן באצייטנס פארטיק׳ באלד זעען מיר זיך! אמת? דו וועסט שרייבן תיכף׳ איר מעגט עפטער שרייבן׳ איינמאל פאר אלע מאל: דאס איז חל אף די קרובים פון אלע ארעסטאנטן; נאר איך [דער ארעסטאנט] מעג שרייבן נאר איינמאל אין דריי חדשים׳ בכן׳ זיי מיר מוחל אט דעם קאלטן׳ ניכ־טערן בריוו — די מאטווירונג פון דעם פארשלאג וועגן וואל־רעכט איז די חרפה און דער שטעמפל צו דער חרפה פונ׳ם דייטשן פראָלעטא־ריאט׳ צו זיין קאפיטולאציע פאר די הערשנדיקע קלאסן—כאטש דער פאר־שלאג אליין איז א פראדוקט פון מורא פאר דער אויפוואכונג פון אט דעם זעלביקן פראלעטאריאט׳ אויב ס׳וועט זיך איינגעבן צו פארשלעפן דעם ענין ביז׳ן שלום׳ דעמאלט איז — א גוטן טאג! — לכל הפחות ביז נייע שינויים׳ געווינען צייט — הייסט געווינען אלץ: פאר די הערשנדיקע קלאסן! [פינף חדשים האבן זיי שוין האנט־געלט׳ פון יולי אָן]; אָנווערן צייט׳ הייסט אלץ אנווערן: פאר די מאסן! אנווערן אלץ׳ לכל הפחות אלע מעלות פון דער איצטקיער קאנסטעלאציע׳ די טאק־טיק צו פארשלעפן קונציק איז דאך טאקע די הויפט־כונה פון דער רעגי־רונג: פאר דעם דאגהעט מען שוין דורך דעם געמיש — הערטלינג — [וואָס מאַכט איטליכע רעפארם׳ בעת ער מוז—און איטליכע רעאקציע׳ ווען ער קאן נאר]—מיט פרידבערג׳ן — [דער נאציאנאל־ליבעראלער צעדליץ] און דרעווסן׳ דורך א מיליטערישע אפציאונג און דורך הינדענבורגס א אפענ־זיווע — מאסן ארויס — פרויען ארויס׳ — יא מיין טייערסטע׳ איר שפילט איצט א גרויסע ראליע׳ אבער א סוף׳ א סוף! קוים מיט צרות די פיל קושן׳ קושן׳ קושן

דיין קאַרל׳

דאסטאָיעווסקי׳ן * האב איך געלייענט: לחלוטין מיט קיינעם ניט צו פארגלייכן׳ לויט דעם טיטאנישן שילדערן די סאמע פארפלאנטערטע׳

* „דער אידיאט״

די סאמע פארשיידענע לעבענס, כאראקטערן און סאציאלע פארהעל־
טענישן, לויט דעם צונויפשלעפן כל־ערליי עלעמענטן אין איין אימה־
דיקן קנויל, איז עס כמעט נאך געוואלטיקער ווי „ראסקאָלניקאוו” און ווי
די „ברידער קאַראַמאַזאָוו”.

איצט גייט גאָגאָל און פושקין.

לוקוי, 1917 .12 .14

טייערסטע!

איך שיק כאטש אט דאס קליין צעטעלע — אינגאנצן קאן איך ניט
ביישטיין דעם נסיון ניט אויסצונוצן די געלעגענהייט. בפרט, אז ניטל
איז שוין גאר נאענט, און איך, „ווי מיר: כ׳ווייס קיין בעסערס ניט”, איך
כ׳בעט נאך אמאל: דעם קומענדיקן פאקעט, וועט איר צו ניטל פארטיילן
מעשה מתנה צווישן זיך. כ׳בין גוט פארזארגט און כ׳וועל אין
זיך ארייננזויגן דאס, וואס איך עס, מיט א דרייפאכער הנאה,
אויב כ׳וועל נאר וויסן, אז איר האט איצט אליין געמאכט צווישן
זיך די חלוקה.

דיין שטימונג ליידט איצט כסדר פון אטאקעס, אזוי אז דאס
באדערפעניש צו זיין נאענט צו דיר, איז בא מיר איצט שטארקער, ווי ווען
ניט איז. כ׳וואלט דיך גענומען אף די הענט און געטראגן — דורך
אט דעם שטראם, אט דעם ווילדן ים... געדענקסט נאך ווי כ׳האב
דיך ארויפגעטראגן אף דער סטעזשקע אין היידלבערג? היידלבערג!
כ׳וואלט אלץ אוועקגעגעבן! אבער דאס וועט זיין נאכאַמאָל — פאר
אונז וועט היידלבערג אויך ווידער קומען — טייערסטע — הייליקער
נאך, ווי אמאל — ווען קומסטו צו מיר? ווי וועסטו פארברענגען
די יום־טובים? ווי איז עס געווען פאר צוויי־און פאר דריי־
יארן! די גוטע פריינט גיב איבער דעם תמצית פון דעם בריוו אויך.
— לענין־טראצקי קאנען דאך ניט וועלן קיין שום אנדער זאך, ווי
דאס, וואס כ׳האב אנגעוויזן. וואס מער איך טראכט וועגן דעם, אלץ
קלערער ווערט דאס מיר, אלץ מער ווער איך רואיק. אלץ שטאר־
קערע שאנסן, אדער, לכל הפחות, אלץ ווייניקער געפערליך קומט
מיר אויס זייער ריזיקאלישע טאקטיק: זי קאן האבן א גרויסע פעולה אין

אלגעמיינעם זומפ און ק ו ד ם כ ל ד א: באפרייען, אויסלייטערן די לופט. פארשטייט זיך, אז דא מוז געטון ווערן אלץ — אבער טאקע אלץ!

איטליכער סאָלדאט דארף געדענקען, אז יעדער טראָפּן שווייס און בלוט, וואס ער פארגיסט בא היינטיקן טאָג לויט הינדענבורגס באפעל, שטיצט די עקספּלואַטאַטאָרן, די רעאלפּאָליטיקער פון אנעקסיעס, הינדענבורגס אפּענסיוועס קעגן דאס ווֹאל־רעכט און קעגן שלום! לענין־טראצקי דארפן פארשטארקן זייער מאכט ניט נאָר דורך שלום פּאָליטיק (וואס מעג אבער זיין נאָר א לייטישע, א אינטערנאציאנאלע און סאָציאליסטישע ־ אדער זי טאָר ג אָ ר נ י ש ט ניט זיין) נאר אויך דורך סאציאלע און עקאנאמישע שינויים אַפּ׳ן גרויסן שניט, דער טייטש, דורכפירן די סאציאלע (נאָך דער פּאָליטישער) רעוואָלוציע!

איך קוש דיך טויזנטער מאָל און נעם דיך ארום — טייערסטע — איך קוש די קינדער

דיין קאַראָלושענקאַ.

גיב איבער ראָזע׳ן גאָר א הארציקן מזל־טוב. א סך גערוסן פאר אלע גוטע פריינט. א הארציקן גערוס הילמע׳ן אויך.

לוקוי, 18. 3. 1.

מיין טייערסטע!

קוים מיט צרות פון דיר א בריוו.—אפילו בקיצור, אבער ער איז פארט געקומען — געענויער וועל איך אף אים ענטפערן דעם 3. 10, בעת ס׳וועט זיין מיין נארמאלער בריוו ־ טאג; אין אפּריל, קומט אויס דער וויזיט־טאג און „ס׳לייכט שוין א בילדל, א געטליכס פון ווייט״ — ס׳ארא פרייד — דו בארויקסט מיך וועגן די קינדער — וועגן זיך שרייבטסו א ווארט ניט — וואס ס׳הערט זיך בא דיר, וויס איך און כ׳ ש פּ י ר מיט, כאטש דו לייקנסט עס—דאס איז נאר א ראיה, אז דו קענסט און פארשטייסט מיך ערגער, ווי איך דיך. אבער דאס גשמיות האט זיך אויך זיין ווערדע — פארוואס שרייבסטו וועגן דעם א ווארט ניט? כ׳וויל וויסן, אז דו ביסט געזונט און, אז בעת כ׳וועל ארויס, וועל איך קאנען ארומנעמען א פרישע א יונגע פרוי, זע, אז אזוי זאל עס זיין—דאס איז ניט קיין בקשה, דאס איז א פאדערונג!

איצט הייבט אן דער כאר פון די ארעסטאנטן דאס אוונט־ליד:
שוין א פאר וואכן, ווי דאס איז דא געווארן א מנהג; פיר שטימען —
א בכבודיק שטיק ארבעט, וואס איז מיר, מעשה ליבהאבער פון
מוזיק, זעער אנגענעם.

עס לאזן זיך אראפ די נאכט־שאָטנס — איך וואַרט אף די בא־
לייכטונג, כדי ווייטער צו שרייבן, מיט באָב'ס נסיעה בין איך
מסכים — כ'שרייב אים וועגן דעם א צעטל — זאל ער דיר ווייזן, ער
דארף אליין דורכנעמען די שול־ארבעטן, מיר דאכט זיך, אז ס'איז
גוט . . . באדאנק אויך פויל האָפמאנען . . .

וואס מאכט ראָזע? איך ענפער הארציק אפ אף אירע גערוסן,
כ'אלט איך ניט געווען אזא לעקיש און אזוי אומגעלומפערט;
דאס נעמט בא מיר אפ דעם פרישן קוק: פאר זיך אליין — און
ניט פאר דער זאך! אבער וואָס גייט עס מיך אָן, פאר מיין
פענצטער הייבן שוין אן צו פייפן די אמשלען — שוין א וואך צייט!
— און די שטאָרן! אבער אנדערע סמנים פון פרילינג דערפרייען מיין
הארץ גאר אנדערש —

אינגיכן מערער—כ'אָלט איך געקאנט זיין בא דיר! אדער דו
בא מיר.

אל'דאס, אל'דאס גוטס און א סך קושן, די בעסטע און די
שענסטע.

דיין קארל.

לוקוי, דעם 18. 3. 10.

דעם 492־טן שטראף־טאָג, 674. ארעסט־טאג — דער רעשט 968

טייערסטע!

ס'איז באלד באַגינען: כ'זיץ בא'ם אפענעם „פענצטער" אף דעם
צושנייד־טיש, — נאך א גאנצע נאכט גוטע שטארקע חלומות און סך
נאטיצן אינדערפינצטער (אף מיין שטייגער און מיט מיין טעכניק)
דערווייל הער איך נאר דאס געצוויטש פון די שפּערעלעך, ווי שטארק עס
בלאזט דער מערץ־ווינט! עס שמעקט אומעטום מיט 1871—פאריס—און
1848־49 און מיט 1917 אין רוסלאנד, וואו איצט איז עס פשוטו כמשמעו:

Que veut cette horde d'esclaves, de traitres, de rois conjurés,*
דאס זומט און ברענט מיך היינט א דורך—דורך און דורך· אינ׳ם בריוו צו ווילי׳ וועלכער׳ ליגט דערביי׳ רעדט זיך וועגן גורל פון דיין בריוו׳ וואס האט זיך אבער ארויסגעלאזן גאר אנדערש: דער הער דירעקטאָר האט אים פארהאלטן — צוליב פאליטישע באמערקונגען׳ וואס ווערן דאך ניט דערלאזן — האסט עס׳ אפנים׳ פארגעסן; נאך דעם׳ ווי מען האט ארויסגעשניטן׳ מיט וואס מען איז ניט מסכים׳ האב איך געקריגן דיינע אלע ווערטער — פון דיר אליין׳ זיי זיינען געוועזן אזוי צום הארצן׳ אזוי ווארעם׳ אזוי פשוט׳ אז זיי האבן מיר אינגאנצן געגעבן דיך: אין מיינע ארעמס׳ — ווי ווייט מיר זאלן ניט זיין איינער פון דעם אנדערן; זיי וועלן מיך מאכן אומשטערבליך — אויב עראָס איז נאך אלמעכטיק׳ וואס איז שייך אבער דאס אויסגעמעקטע׳ ווייסטו דאך׳ אז מיין מיינונג טיילט זיך אפ פון דיינער נאר דורך מער שארפקייט׳ און דערמיט׳ וואס בא מיר ווערט עס תיכף מגולגל אין א האנדלונג און אויך אין מעשים׳ וואס דערלייזן מיך אינדיווידועל־אינעווייניק: וואו נאר און כל זמן איך קאן נאר׳ אין די געדאנקען [אנאליזירנדיק די געשעעניסן׳ כדי ארויסצוגעפינען די סבות פון דעם׳ וואס איז געוועזן׳ כדי זיך קלאר צו מאכן די שייכותן פון דעם׳ וואס עס איז׳ כדי ארויסצודרינגען א פראגנאָז פאר׳ן עתיד און קלאר צו מאכן׳ וואס מען האט צו טון איצט און אף להבא] נעם איך תמיד דורך די געשעענישן—; שוין אט די קאפ־אפעראציעס פונ׳ם פאליטיקער׳ וואס זיינען קודם למעשה׳ דערהייבן מיך איבער די געשעענישן: זיינען זיי גייסטיק גוברי׳ מען דארף דא גאר ניט קיין sub specie aeternitatis — — — טו א קוק אף דער געשיכטע — און דו וועסט זיך פילן אזוי תכיף׳ די צווישן־שפילן פון די טעג וועלן דיך ניט פארפלאנטערן׳ דער גאנצער טאראראם וועט דיך ניט באטויבן׳ ווי קליין׳ ווי נישטיק׳ ווי לעכערליך אפילו׳ דאכטן זיך אויס יענע מענטשן׳ דוקא יענע׳ וואס האלטן זיך פאר די גרעסטע׳ צווישן־שפילן׳ צווישן־שפילן —! און דערווייל דארף איטליכער טון זיין חוב [דערמאן זיך אן נאפאָלעאָנס טויט־רעפובליקן׳ אן זיין מלוכה־פאבריק׳ דער קולטורעלער אויפטו איז׳ פארשטייט זיך׳ דאס מאל מער ווי

* וואס וויל אט די באנדע שקלאפן׳ בוגדים און קיניגן־פארשווערערס (פון דער מארסעליעזע)·

פּראָבלעמאטיש· עס ווערן ניט עקספּאָרטירט רעוואלוציאנערע דער־גרייכונגען, נאר דער היפּך פון זיי· ס'איז ניט מער ווי אן עפּיזאָד אלץ, וואס טראגט אף זיך דעם שטעמפּל פון א מגושמדיקער אָפּאָזיציע קעגן די געזעצן פון דער נאטור· פארשטייט זיך, אז דאס קאן אנמאכן א סך שאדן·] דאס פּערזענליך־פּריוואטע, דער גורל פון דיין מוטער און דיינע ברידער־און־שוועסטער איז, געוויינטליך, דערמיט ניט פארענטפערט· איך קאן ניט זיין איצט לעבן דיר, בא דער שרעק וואס מאכט פון איטליכן א תל — דאס נעמט מיך אזוי בא דער נשמה: אלץ רעגט מיך אויף: איטליכע ידיעה פון א צייטונג, וואס קאן נאר האבן א שייכות צו זייער מצב· וואס וועלן עס דערזען די אויגן, בעת דער מבול וועט א וועק, ווען די כאאָטישע גפלען וועלן זיך צעגיין? מען קאן נאך אפילו ניט קלערן וועגן א ידיעה· כ'וואלט געוועלט קושן דיין האנט און דיין שטערן און דיך ניט אפּלאזן פון זיך·

אין דריי טעג ארום ווערט א יאר — זינט דו ביסט בא מיר געוועזן: פאר דיין נסיעה קיין עבענהויזען: דאס ערשטע מאל איינער אליין, און 2 און א האלב חדשים זיינען שוין פארביי זינט דו ביסט געוועזן דאס לעצטע מאל· באלד וועל איך דיך ווידער האבן אף א שעה· זאג אן באצייטנס: כ'האב געהערט, אז דיין פוס איז קראנק—כ'וואלט זי געוועלט קושען אזוי לאנג, ביז זי וועט ווערן געזונט· דער־מאָנסט זיך, ווי מיר זיינען אמאל געזעסן אין גרונעוואַלד אף דער שיינער, טעראסע! באַ אַ באָלע·* מיר זאלבע־צווייט, איינער־אליין· דו האסט געהאט דעם זעלביקן ווייטאג און דו האסט אויסגעטון דעם שוך — צו מיין נחת־רוח!

דאס, וואס דו שרייבסט וועגן די קינדער, פרייט מיך· אזוי דארף עס בלייבן· באָבי און ווערע זיינען דעם 2־טן געוועזן הארציק און מונטער און האבן אויסגעזען גוט· — און ווילי מיט לאָטע'לען אויך דאס איז פאר מיר געוועזן גאר אן אנגענעמע נייס· באָב איז ניט שטארק נתפּעל פון האָלאנד—דער וואוילער בחורל האט ניט קיין שטארקן חשק זיך געזעגענען מיט אייך: ער איז א פאמיליע־מענטש און האט א ווייך הארץ· קודם וויל ער ניט זיין געבונדן ביז סוף מלחמה, דאס איז טאקע ניט נויטיק· אפּריער א האלב יאָר, אמת? אבער

---

* Bowle

באשליס דו אליין: ווי דו וועסט טון, וועט שוין זיין רעכט. ער דארף געוויינטליך, מיטנעמען מיט זיך ביכער. א חוץ די שול־זאכן: געשיכטע, געאָגראפיע און נאטור־געשיכטע. [שילער׳ס "די אָפּטיילונג פון נידערלאנד", געטע׳ס עגמאָנט, וואס איז אזוי ניט־היסטאריש פיין, און האט פארט א סך אמת לעבן — דאס אלץ דארף ער לייענען.]

דאָ איז איצט א גוואלטיקע איבערקערעניש: אפ׳ן סמך פון דער פארארדענונג פון מלוכה־אמט פאר ווירטשאפט ווערט אפגעשטעלט די שוסטעריי אין שטראף־הייזער; הגם דאס קומט פאר לויט זימאָנ׳ס [נירנבערג] וואונש, דאכט זיך מיר, אז דאס איז א משוגעת. מיין צוקונפט ליגט אין נעפּל. א האפענונג, אז ניט פלעכטן קערב.

אפשר, וועל איך זיין דערווייל אף א פאר וואכן "ארבעטלאז", דער טייטש: איך וועל קאנען טון, וואס דאס הארץ געלוסט (cum grano salis); אויב אזוי וועל איך דארפן ביכער (פארגל. דאס צעטל). על כל פנים וועט זיך מיין מצב בייטן.

דיין האפענונג, אז איך וועל ווערן פריי, איז מיר ווייניק סימפאטיש; דו ווייסט דאך, ווי איך וויל שיקן צום שווארצן יאר אלץ, וואס שמעקט נאר מיט אמניסטיע, שוין ניט גערעדט וועגן דעם ליאַרעם ארום דעם — אהין — אדער אהער דערווייל איז דער לאזונג: אריין אין די תפיסות! און ניט: ארויס פון די תפיסות!

וועגן מערינג׳ס קראנקייט בין איך שטארק אומרואיק, כ׳האף, אז אים איז שוין בעסער. זאג אים דאס און גיב אים איבער פון מיר אל׳דאס גוטס, וואס איך ווינטש אים פון גאנצען הארצן, און א יישר־כוח צו זיין רעדע אין לאנדטאג, כ׳האב זי, אמת, ניט געלייענט, [מחמת כ׳האב ניט קיין באַריכט אין דער צייטונג], אבער אז זי איז געווען אויסגעצייכנט, פארשטייט זיך פון זיך אליין, און דאס איז ארויסצודריגען פון א באמערקונג אין דער "דייטשער טאגעסצייטונג" * וואס איז פול מיט שנאה. געוויינטליך, אויב ער טומעלט אפ׳ן גאס אזוי, אז ס׳קומען ארויס קאנפליקטן און צוזאמענשטויסן, וואלט געווען א יושר צו דערמאנען דעם חבר פראנציסקוס, אז אים איז ניט 17 יאָר נאר 72! גערים הארציק ביידן, דאס אייגענע אלע גוטע פריינט, יולעק׳ן קעטע׳ן, מאטילדע׳ן פרוי ראָזענבוים, די האָפּמאנ׳ס, האָפּער׳ן, שטרעבעל׳ן.

* די רעאקציאנערסטע צייטונג

· · דאָ ניט לאַנג האָב איך אַריינגענומען אין האַנט די אָדיסעע׳ די קונסט איז מיט קיין זאַך ניט צו פאַרגלייכן. ס׳איז קלאָרע אָביעק־טיווקייט, ס׳איז לייכטנדיקע פאַרבן, ס׳איז פּשטות, און דערביי אַזוי איידל סטיליזירט. אין דעם גרויסן און אין די קלייניקייטן, אין דאָס וואָכעדיקע — פאַרגל, דעם אָנהייב פון 20־סטן געזאַנג, אָדיסעאוס באַנאַכט — און דערנאָך הייבט זיך אָן דער געראָדער אינדערהיים, אינדערפרי: וואָס פאַר אַ מערקווירדיקע פילזאַגנדיקע קורצקייט — איין פּרעכטיק זשאַנר־בילד נאָך דעם אַנדערן — אָבער אינגאַנצן איז אַלץ דורכגענומען מיט האַנדלונג, און אין 24־סטן געזאַנג, ווי אַגאַממעמנאָן מאָלט אָפּ אַכיל׳ס טויט און דעם טרויער נאָך אים [צו אַכיל׳ס שאָטן אין דעם עולם התחתון]:

„ס׳האָבן באַרינגלט דיך נימפן, דעם נערעאוס
ליבליכע טעכטער:
וויינענדיק, טוען זיי אָן דיר דיין גוף
אין אַמבראָזישע קליידער,
אַלע ניין מוזן זיי קלאָגן אינאיינעם מיט
זילבערנע שטימען,
ס׳זיינען אַרום דיר געשטאַנען און האָבן באַוויינט דיך
די קריגערס״

אַגב, איז די אָדיסעע אַן עפּאָפּעע, אַ שיר השירים פון געטרייקייט: געטרייקייט פון׳ם מאַן [וואָס קאָן אפילו באַשטיין דעם נסיון פון קאַליפסאָ און דעם צוזאָג פון אומשטערבליכקייט], פון דער ווייב, פון׳ם זון און פון די בעלי־מלחמה, אפילו פון די חיות (דער הונט אַרגאָס 17־טער געזאַנג] און פון דער געטרייקייט צו דער אייגענער היים — ד. ה. אַ שיר השירים פון יענע כלומרשט ספּעציפיש דייטשע מעלות, וואָס אינ׳ם „ניבעלונגען ליד״ און „גודרון״ זיינען זיי גרויס־אַרטיק — אימהדיק דערהויבן — אָבער איינזייטיק: אין דער פאָרם פון געטריישאַפט פון דער ווייב און פון די בעלי־מלחמה.

איך וואָלט געוועלט לערנען צענדליקער יאָרן, אָן אַן אויפהער, און אין דער אייגענער צייט אָן אַן אָפּרו פריי ווירקן. איך דאַרף האָבן אַ דאָפּלטן לעבען, כדי אינגאַנצן צו קאָנען זיין „איך״.

ס׳איז נאָך האַלבן טאָג, באַלד מוז איך פאַרענדיקן און אוועקגעבן, מיטאָג־צייט זיינען אָנגעקומען די צייטונגען —

*mille fois merci און נעכטן א פאקעט, דערפאר אויך, און פאר די קנייד־לעך, וואס מ'האט דא ניט לאנג, געבראכט א דאנק, א דאנק, א גרויסן דאנק. פאר די לעצטע צייט זיינען צוויי מאל צעבראָכן געווארן — שלים־מזל — א פלאַש [סאַלאַט] און א גלאז האָניק — איר דארפט זען, אויב ס'איז נאר מיגליך, אויסצומיידן גלאזווארג [בעסער בלעך]; און אויב שוין יא בלעך—קיינמאל ניט אוועקלייגן הארט לעבן ראנד: עס קאן כאפן א שטויס און צעדריקט ווערן — און גוט באווארענען אלץ, וואס איז הארט. דאס "אַקציאָנס־בוך" און אָטאָ'ס מתנה האט מען מיר ניט אוועקגעגעבן, היט זיי גוט אפ און אויך די אנדערע ביכער, וואס מען האט אוועקגעגעבן צוריק — די פארבעסערונג פון מיין ביבליאטעק איז מיר שטארק איינגע־באקן אין הארצן.

ווען זע איך דיך? זע זיך צו — איך דאגהע וועגן דיר; כ'אלט איך זיך נאר געקאנט ארויסרייסן — עס רייסט מיך ממש ארויס. זיי געזונט! מען קומט שוין אָפּנעמען — איך קוש דיך, איך גלעט דיינע שלייפן, איך נעם דיך ארום—טייערסטע. טראכט וועגן מיר און האלט זיך הארט, שטארק און שטאלץ — און אויב די שונאים וואלטן געווען צען מאל אזוי שטארק און נאך ערגער ווי איצט — מיר בלייבן שטיין צוזאמען — דו און דיין קארל.

העלמי'ן האב איך געשריבן וועגן די קערפּער־באוועגונגען. פרייע איבונגען א. א. וו. אף דעם גיב אויך אכט! דו האסט דאך פריער אויך געמאכט גימנאסטיק, עס איז מוראדיק וויכטיק פאר דער גאנצער ארבעטס־פעאיקייט. וואס הערט זיך, אגב, מיט העלמי'ס לערנען זיך פעכטן! ער טאר ניט ווערן קיין שטוב־זיצער.

וועגן באָב'ן: שרייב אן, זיי אזוי גוט, דער משפחה אין שע־ווענינגען, אז זיי זאלן תמיד תיכף געבן צו וויסן, ווי ס'וועט נאר זיין עפעס וויכטיקס: דער עיקר, אויב ער זאל ווערן קראנק: זיי דארפן זען אפצוהיטן באָב'ן פון א שלעכטער קאָמ־פּאַניע: אט די סכנה איז אין די בעדער באזונדערס גרויס: ער דארף פירן א נאָרמאַל לעבן, שלאָפן צו דער צייט, באוועגן זיך אָפּ'ן פרייעם און ארבעטן ווי געהעריק, אבער אויך זיך באוועגן פריי. באָב דארף שרייבן רעגולער, צוויי מאל א וואך, כאטש בקיצור.

* טויזנטער דאנקן.

צו ווערע׳ן

מיין קליין טייער קעצעלע!

22 חדשים זיץ איך שוין פארשפארט אין שטייגל. איז עס ניט א שאָד? און 32 חדשים שטייען נאך פאראויס — א דריטל שטראף איז אראפ: צי איז דאס ניט, באמת, א גאנצער רכוש? עס וועט שוין אף גיך נעמען א סוף! און מיר האבן ווידער איינער דעם אנדערן, — ניט נאר יעדע פערטל יאר אדער האלב־יאר. ס׳פייפן שוין דרוישלען פאר מיין פענצטער — און פארט איז היינט ווידער שניי! אין א פאר שעה ארום וועל איך דיך זען און קושן און הערן פון דיר אלץ — אבער דיין בריוו איז נאך ניטא! איך וועל דיר אים ניט שענקען. איך וויל האבן שווארץ־אף־ווייס, דא, בא זיך אין קאמער, דאס, וואס ווערע גיט מיר צו וויסן. מען רופט מיך שוין — באלד קומען די לעבעדיקע קושן.

זיי א מענטש! פלייסיק! און א וואוילע!

דיין פאפא.

צו דיין געבורטס־טאג וועל איך נאך שרייבן — איך גערים און קוש לאָטע׳ן, פּאָק׳ן און די האַרן שוועסטער־קינדער אין דער טאָמאַזיאוס־גאס — דעם אָנקל טעלע און טאנטע ליו, גע־ווינטליך, אויך.

[געשריבן אין דער תפיסה]
[מסתמא, אין אפריל 1918]

נ א כ ט ־ ר ע י ו נ ו ת.

צי וועל איך אייך כאפען חלומות, בילדער,
וואס איר פלאטערט ארום מיר, בעת כ׳קוק אריין אין זיך?
איך פאק אייך — איר גליטשט אדורך די האנט —
ווי דער שיין פון דער לבנה; איר אנטלויפט —
צעשראקן, ווי גייסטער — כ׳פארווארף מיינע נעצן
אייך צו כאפן, — איר לויפט —; וויי מיר, וויי מיר —
איר ווערט נעלם — איר ווערט פארזונקען, פארשוואונדן — וואוהין?
איר זיסע חלומות, איר עלפן־צארטע שאָטנס.

װען כ׳האב א י י ך, רוט אף מיר די שכינה!
מײַן הארץ װערט פול, מײַנע חושים,
געװענדט צוריק אין זיך, זײ שפּירן אײַך
גאר נאענט — כ׳האב אײַך שױן כמעט, איר הארציקע! —
נאר איר אנטלױפט, אנטלױפט, אנטלױפט פון מיר צוריק —
און מײַן נשמה פאלט אראפּ פארמאטערט —
װי כאפּ איך אײַך, װי האלט איך אײַך, געשטאלטן?
װעל איך אײַך קאנען װען ניט איז דערײאגן, באשעפעניש
פון געהײמע װאונדערליכע טיפעניש,
כ׳האב אײַך געשפּירט נאר אינ׳ם שטילן פרעמדן ציטער —
הער איך זיך אײַן — פארנעם איך אײַך שטיל —
בעת כ׳קוק ארײַן אין זיך, זע איך אײַך װי
אינ׳ם בין־השמשות —;
כ׳דערנענטער זיך צו אײַך — און תמיד,
װערט איר אלץ פארשװאונדן—.

לוקוי, דעם 11־טן מאי 1918
[553־טער טאָג] [געבליבן 907]

**טײַערסטע!**

א בלײַ־פעדער, װײַל מעק־בלאט, זײַ מוחל, ראשית צו באָב׳ס ענין, אינגאנצן מיט דיר מסכים, הגם דו שטעלסט עס אלײן ארױס פאר קלײנבירגערליך; כ׳קום אבער פארט צו אן אנדער פּועל־יוצא; איך גיב דיר עס נאָר איבער, ניט װעלנדיק דערבײַ דיך אײַנרעדן, דארפסט זיך דערמיט ניט רעכענען, פּסקן דו . . . בכן: די ײנגלעך געפינען זיך אין אן אױסנאם־מצב, דוקא, בעת זײ גײען אין שול, דאס לערנען, די שול יום טובים און בכלל די גאנצע השפּעה, װאָס די שול קאן האבן, איז פאר זײ בא הײַנטיקן טאג כמעט א כסדרדיקע קײט פון נמאסע זאכן און בזיונות, נאך די באשרײַבונגען אין די בריװ, [װי איך פארשטײ, מאלן זײ נאך װײַט ניט דעם גאנצן אמת,] זע איך עס אזױ לעבעדיק פאר מײַנע אױגן, אז איך מוז עס ארױסזאגן, איך האב אױך געהאט אױסצושטײן א ים פּאליטישע אנפאלן, אין מײַנע יונגע יאָרן — סײַ אין דער שול, סײַ אין אנדערע ערטער, און

כ׳האב דאס אריבערטראגן מיט שטאלצקייט, מיט פאראכטונג און מיטלייד, און דאס האט מיך געשטארקט און געהויבן. איך וויל גארניט צ ע ר ט ל ע ן מיינע קינדער; לאזן זיי זיך אנרייבן מאַזאָלעס, וועלן זיי באצייטנס זיין הארט. אבער אין דער שול גייט עס אצינד ניט וועגן א קאמף, וואס מאכט שטייף, נאר וועגן פאסיווע יסורים, וועגן טעמפע הכנעה, און דאס דענערווירט — נאך מער: דא גייט וועגן מיאוסע פשרות — טאָג־איין, טאָג־אויס. דו דערמאנסט זיך וועגן באָבס עסק מיט דעם „קייזער־האָך״,* באָב איז געוועזן גערעכט פאר גאָט און פאר לייט; מעשה אויפריכטיק און ערליך יינגל, האט ער זיך אפגעזאגט צו באטייליקן אין א צערעמאָניע, וואס שטייט אין א סתירה מיט זיין גאנצן טראכטן און שפירן. דאס האט מודה געווען דר׳ פרענצעל אליין און פונדעסטוועגן האט מען געשטעלט דעם אולטימאטום: אדער אַף להבא זיין גוט און פרום — אָן קיין שום שאלות וועגן איבערצייגונג, אדער — ארויסגיין פון דער שול; און אזוי ארום איז געקומען צו א פשרה, פון וועלעכער די בחורים לײדן נעבאך, די גאנצע מלחמה־צייט. כסדר געצוואונגענע צביעות, די סאמע טיפע אוממאָראלישקייט — דו ווייסט דאך, וואס איך מיין, זיי מוזן זיך אונטערווארפן, אויב זיי ווילן נאר ניט חרוב מאכן זייער לעבן פון אנהייב אן; אפילו דער וועג קיין אויסלאנד איז פאר זיי בא היינטיקן טאג פאַרמאַכט, אויב מען וועט זיי אויסשליסן, קורץ און שארף: אויב מען קאן זיי מקצר זיין אט די דעמאראלי־זירנדיקע איבערלעבענישן — דארף מען עס טון, אזוי דאכט זיך מיר, עס זיינען נאך פאראן א סך זאכן, וואס וועלן זיי נאך געבן יענע עלאסטיש־קייט, וואס איז נויטיק אינ׳ם לעבן, כ׳רייד ניט וועגן לערנען. אויב ס׳וואלט געגאנגען וועגן דעם, וואלט איך געוועזן הארט ווי א שטיין, זאָג ניט, אז אזוינע דערנידערונגען קאנסטו אויך ניט אויסמיידן בא היינטיקן טאג און קיינער ניט — חוץ דער שול; אוודאי, אבער דא איז גאר אן אנדער זאך; און אויב מען קאן לייכטער מאכן ביידע יינגלעך, באָב׳ן אויך, דארף מען דאס טון, זיי געפינען זיך אין אן אויסנאם־מצב בנוגע צו דער שול, דורכדעם, וואס מען באפרייט זיי פון דעם, שטעלט מען זיי אוועק אין יענער סיטואציע, אין

* ליבקנעכטס יינגערער זון באָב איז ניט אויפגעשטאנען בא א „האָך״ (הורא) פאר׳ן קייזער לכבוד א נצחון פון דער דייטשער ארמיי.

וועלכער עס געפינען זיך זייערע חברים — וועלכע שווימען מיט׳ן שטראָם. אזוי מיין איך. געוויינטליך קאָן מען ריידן וועגן באפרייען פון דער שול, אויב דאס איז נאר מיגליך. דער טייטש, אויב מען קאָן עס פועלן בא דער שול גופא, און אויב מען קאָן האָפן אף א רע־זולטאַט, וואס זאל ניט זיין ערגער ווי דאס שלעכטס, וואס מען וויל אויסמיידן. פארשטייט זיך, אז דאס צ״ל פון דער שול טאר צוליב דעם ניט ליידן. אז באַבע וועט אָן דער שול אויך זיין פלייסיק איז בא מיר קיין ספק ניט; געוויינטליך, טאר ער זיך ניט אריינ־לאָזן אין הוליען און בטלען; א געוויסן סדר דארף ער נאך אפשר נוי־טיקער, ווי העלמי....

...דא ניט לאנג בין איך אריבער אין די קאטעגאריע פון די שקארמוצן־מאכערס; די צייט אָן מלאכה, די טייערע צייט האָט, ליידער, ניט געדויערט לאנג. דערווייל בין איך נאך א לערן־יונג. מען האָט מיר אויפגעגעבן: 1000 א טאג. דורך דעם, וואס איך צייל [איינס־צוויי־דריי־בא איטליכן שקארמוץ] זע איך זיך אויפצומונטערן און צו פארוויילן. די ארבעט איז א ריינע און פארהעלטנישמעסיק איז זי אנגענעם. אף מיינע לימודים בלייבט מיר איצט ווייניק וואס: פון 6 א זייגער אינדערפרי ביז דריי פערטל אכט אינאַוונט — בלייבן, הייסט עס, [חוץ די הפסקות צו מיטאג און אינאווונט] א פאר פערטל־שעה; פאר דער צייט דארף איך שוין אפעסן און ברענגען אין ארדענונג מיין באלעבאטישקייט. אבער די אוונטן ווערן לענגער כ׳וועל זיי אויסנוצן, אף וויפיל סט׳זיך נאר לאזן: כ׳בין אזוי דארשטיק, אז כ׳וואלט דעם ים אויסגעטרונקען...

... יאָ, מיין קינד, מען האָט געמאכט אַ „שלום אין מזרח״! דו חידושסט זיך, וואס דאס ווארט „שלום״ האָט בא היינטיקן טאג אויך אן אנדער טייטש: באמת, מען דארף באשאפן א נייעם לשון... דו האסט ביז איצט ניט געוואוסט, אז דו ביסט אַן אוקריינערין. איצט פויקט מען עס דיר אריין, אבער, שטיל, טייערסטע, — אַן עפּיזאָד — עפּיזאָד — א קארטן־הויז, א קארטן־הויז, — אַ קארטן־הויז — א מעֶת־לעֶת־פליג — א מעֶת־לעֶת־פליג, א מעֶת־לעֶת־פליג. און וואס איך וואלט נאך אזוי געוועלט זאגן און טאר ניט זאגן, — ווייסטו, דו, דאס סאמע אַפּאָליטישע באשעפעניש אף דער ערד, דו האסט אין דער רוסישער באַטשאפט פּאָרט געשפירט בעסער,

ווי די פּאָליטיקער, וועגן וועלכע דו דערציילסט. גיב איבער פון מיר א גערוס יאַפּע'ן און די איבעריקע, דו טאָרסט בשום אופן ניט ניט מאַכן צוליב מיר — ניט פאַר זיי, ניט פאַר קיין אַנדערע — קיין שום קאָמעדיעס קיין נעבאַך־פּנים, וועלכע ניט איז נאַרישקייטן, אָבער טאָקע גאָרנישט ניט. אַזוי פאַרשטיי איך עס, אַזוי פאַרשטייסטו עס, אַזוי פאַרשטייען עס מיינע קינדער — און אַן עק! אָבער וואָס מיר א רויטע פאָנע — קאַרל־מאַרקס־אַמניסטיעס — מאַי־יום־טוב — א שפּי־לעריי, א שפּילעריי — זאָלן זיי אַקאָרשט פירן די ריכטיקע פּאָלי־טיקער, נאָר דאָס איז דער עיקר, וועגן לפּנים־זאַכן און כבוד וויל איך בא היינטיקן טאָג גאָרנישט ניט הערן; כ'וואָלט גרייל־אַך, געוווען אויף דרויסן — כדי צו קעמפן, כ'וואָלט געוועלט זיצן דאָ און אין דער זעלבער צייט ווירקן און שאַפן פון יענער זייט ד אָ ס, וואָס מיין הארץ געלוסט, כ'אָלט עס מיין כוח געווען אַזוי גרויס ווי מיין ווילן, קלעקט וועגן דעם; דאָס מורא האָבן פאַר פאַרקילן זיך—איז פּשוט א חרפּה, אַרויס אַף'ן פרייעם!

האַרט ווערן! אויב איטליך ווינטל זאָל מאַכן א קאַטער, און איטליכער קאַטער זאָל אַניאָגן א מורא אַרויסצוגיין פון שטוב—אַזוי קאָן א זשאַבע אויך זיין א מענטש. * עס ווערט פינצטער — א גוטן, טייערסטע, כ'וואָלט דיך געצויגן צו זיך מיט די טויזנטער פעדעמער פון מיין בענקשאַפט. איך קוש ד י ך, דיינע הענט, דיינע אויגן און דיינע ליפּן. פאַרגעס מיך ניט,

דיין קאַראָליוס'ן

פאַר פּפעמפּערטן צו דיסטערוועג'ס עסקיז פון בען'ען. כאָטש די פאָרם איז לחלוטין אַבסורד — אימפּאָנירט עס מיר פאָרט; א שטיק טיפער עקספּרעסיאָניזם — דער גאַנצער מהות, איינגאַנצן און אָן קיין שום תנאים: געכאַפּט אַזוי, ווי דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אין דיסטערוועג'ס נשמה: אינ'ם שאָטן, וואָס עס וואַרפט, אין דער הייל פון זיין "איך" — לויט פּלאַטאָנ'ס גרויסן בילד, לויט דער שטימונג און לויט דעם געפיל דערמאָנט עס אָן האַמסון'ען, און עס איז נאָענט צו אים אויך אין דער שאַרפקייט פון זיין מאָלן ... באַקוקנ'ען האָב איך, ליידער, ניט געקריגן, באַדאַנק פּפעמפּערט'ן און גערוס ביידן.

— — — פונדעסטוועגן — ניט געקוקט אַפ'ן שטאָל־ריח ** —

* דאָ רעדט זיך וועגן דעמאָנסטראַציעס. פּ. פּ.

** מען האָט געהאַט אויפגעפירט דאָס שטיק אין ציריך.

לאז ניט דורך ווילנער׳ס ״מאנפרעד״. ווילנער איז גוואלטיק און גייסטיק איז ער באזונדערס נאענט צו מאנפרעד׳ן, ווייל ער זוכט זיך צו פארגעסן צוליב איבערלעבענישן, וואס זיינען נאענט צו ״מאנפרעד׳ס״: ס׳איז אן אבסורד צו קוקן אף ״מאנפרעד״ ווי אף א אנגעטשעפּעט בוימל צו פויסט׳ן און האמלעט׳ן: דאס איז דאס סאמע פערזענליכע, דאס סאמע אייגענע פון אלע בייראָנ׳ס ווערק, א̀ רייגער — כמעט א צו אינדיווידועלער — חשבון הנפש, א דראמאטיש בילד פונ׳ם צושטאנד פון זיין נשמה, צו וועלכן עס האבן אים געבראכט די באציאונגען צו זיין שוועסטער. אבער עס איז דערהויבן ביז אזא פראכט, און סוף כל סוף, פארט, ביז אזא אוניווערסאלקייט, אז ס׳איז שווער צו געפינען א צווייטן מענטשליכן דאָקומענט, וואס זאָל מאכן אזא שטארקן רושם. שומאנ׳ס מוזיק וועט דיך אויך שטארק פאראינטערעסירן, איך מיין, אז העלמי דארף עס אויך פרווון —

ווי מען וועט נאר קאנען שיקן א בריוו צו דיין מוטער, גיב מיר צו וויסן, ס׳ארא בארואיגונג דאס איז, אז ס׳איז אנגעקומען איר בריוו. ווי גליקליך איך בין, !

לוקוי, 18. 5. 20.

## מיין קליין באָבעלע !

ס׳ארא פארדרוס דאס איז געווען * — און ווי גרייליך וואלט איך דיך מיטגענומען, דיך אויסצוהיילן. נאָר ניט קיין מרה־שחורה — די אָנפאלן זיינען גארנישט, אויב מען טוט נאר קעגן דעם דאס, וואס איז נויטיק! דאס ווייס איך פון מיינע יונגע יארן — און נויטיק איז: זיך גוט דערנערן, זיך שאנעווען, זיך ניט אנשטרענגען צו שטארק — ניט פיזיש, ניט גייסטיק. זיך לעגן פרי שלאפן, שלאפן לאנג און גוט. אבער קיין פינף מינוט ניט ליגן־אויף אין בעט. א סך פרישע לופט: נעם מיט דיינע ביכער — לערן דארט ליגנדיק, בא דעם געזאנג פון די פויגלען, בא דעם געפלאטער פון זומערפייגעלעך און בא דעם גאנג פון די וואלקנס. אָבער שאנעווע די אויגן [זאלסט קיינמאָל ניט לייענען אנטקעגן זון].

* באָבי האט געחלשט בא א „באזוך״ אין דער תפיסה.

האלט הויך דעם קאפּ, מיין בחורל, ס׳איז אצונד א חזירשע צייט, אבער דוקא פאר אייך, איז עס, ווי איך ווייס, אויך א גרויסע צייט. נאר פאר אייך יונגווארג. און דערפאר — זייט שטארק און שטאלץ, ניט געקוקט אף אלע צרות, וואס כ׳וואלט אייך, באמת, אפגעלייגט אף די שפּעטערדיקע יארן, הויך דעם קאפּ — זיך געשאנעוועט! — ארבעט מיט התמדה פאר דער שול, דאס, וואס ווערט אויפגעגעבן, דארף געמאכט ווערן.

ס׳ארא שאָד, וואס כ׳האב דאס מאל ניט געזען דיינע צייכנונגען, כ׳בין אף דיר געווען אמת אין כעס. דו ווייסט דאך, ווי דאס אינטערעסירט מיך, דו נעמסט לעקציעס? כ׳האב גאר פארגעסן צו פרעגן —

איך קוש דיך — ס׳וועט אלץ זיין גוט! — דיין פאפּא.

צו אלעמען וועל איך שרייבן אין יוני.

לוקוי, 18. 6. 16.

צו ווערע׳ן

מיין קעצעלע!

אנטלאפן, הייסט עס, קיין האלאנד — צום ים: אָהאָ, און א ווארט מיר ניט געזאגט, דו מרשעת קליינע.

דו פילסט זיך מסתמא גוט, ווי א שניי־קיניגין, אדער ווי דער בוך־פינק פאר מיין פענצטער, אזוי האט מיר סאניע געשריבן. און אזוי, האף איך, איז עס באמת. אבער פארזיכטיק — פארשטייסט? אייער ברעג איז געפערליך. עס קומען צושווימען מינעס, און נארישע לייט שפּילן זיך מיט זיי, די מינעס רייסן זיך אויף און צעטראגן אלץ אף שטיק־שטיקלעך. זאלסט זיך האלטן פונוויטן פון אזוינע מיני זאכן, אמת? און בכלל זייַ אפגעהיט. און לייטיש און פריינדליך — און באדאנק יענע מענטשן, וואס האבן דיך אזוי גוט אויפגענומען, וואס גיבן דיר אזוי גוט עסן און באזארגן דיך מיט אלץ. באדאנק זיי הארציק פון מיינטוועגן אויך און גריס זיי. פארגעס די שול אויך ניט — מען טאר בשום אופן ניט אפשטיין, אמת?

איך פיל זיך גוט, און וועל זיך נאָך בעסער פילן, ווען איך

וועל פון צייט צו צייט קריגן פון מיין קעצעלע׳ן א סימן פון לעבן.
א סך, א סך גערוסן פון

דיין פאפא.

16. 6. 18.

טייערער העלמי!

דו האלטסט בא׳ם אוועקפארן — נאך א פאר ווערטער: בקיצור — לעב זיך איין מיט די מענטשן, כאטש א סך זאכן וועלן דיר מסתמא אויס־קומען פרעמד, ניט אנגענעם און ניט אזוי, ווי דיר ווילט זיך: דאס וועט זיין נאר דער ערשטער רושם. אויב עפעס וועט דיר אפילו ניט געפעלן: שלינג עס אראפ — זע צו פארשטיין איטליכן פון אים אליין און פון זיין סביבה — אזוי וועסטו זיך מיט זיי איינלעבן. קריטיקיר זיך אליין מער ווי אנדערע מענטשן, אזוי וועסטו דערזען, אז די חסרונות פון אנדערע לייט זיינען פאראן אויך בא דיר. וויפיל האט מיך אין דעם פרט אנגעלערנט די תפיסה! שאנעווע די לייט אין politicis אויך [געוויינטליך: אפהיטנדיק שטרענג דיין אייגענעם שטאנדפונקט], אויב זיי זיינען נאר אזוי נאאיוו און אומפאלי־טיש, ווי איך בין עס משער. בקיצור: טאקט, טאקט — אויסערליך — נאך מער אבער אינעווייניק, אל׳דאס קליינע און דאס אויסערליכע פאר־געס! זיי זיך מהנה פון דער פרישער נאטור, און פון דעם דארף־לעבן.

דו וועסט באלד פילן, ווי מען ווארט פון דיר קליינע טובות — צוהעלפן אין דאס אדער אין יענס — זיי געפעליק! אפילו אין וועל־כער ניט איז דארף־ווירטשאפטליכער ארבעט אויך. קוק זיך צו צו דער דארף־ווירטשאפט, זע זי צו פארשטיין. דאס איז זעער וויכטיק. געוויינטליך, דארף עס ניט זיין קיין שום פריווויליקער „הילפס־דינסט״, אפילו א זכר ניט פון דעם.

פארגעס ניט די שול! איך וויל ניט דו זאלסט אפשטיין, דורכפאלן, ארבעט סיסטעמאטיש. א רואיקן ארט אונטער א דאך [אפילו אין א שטאל אדער א שייער] אדער אף דרויסן וועסטו אלעמאל געפינען. אזוי האב איך זיך אויך צוגערייט צו מיינע אלע עקזאמענס.

אבער דו דארפסט תמיד זיין אף דרויסן — אויב עס גיסט נאר ניט א שלאגס־רעגן· שפאציר א סך! באָ׳ם באדן זיך און בכלל אין דער פרעמדער נאטור זיי אפגעהיט· דער בייערישער װאלד איז דאך היפש ווייט· קוק זיך אויך צו צו די שטעט· די דערפער· צו זייער אייגנארטיקייט אין געביי און אי׳נם שטייגער־לעבן· פון אַט דער נסיעה קאנסטו א סך געווינען סיי גייסטיק· סיי פיזיש· כ׳ווייס ניט· ווי לאנג זי וועט געדויערן· אבער איך האף· אז דו וועסט זי ניט אפברעכן צו פרי·

מיין בוך וועגן די פלאנצן געפינט זיך בא דעליטש׳ן [פון גלאַץ!] דאס פויגל־בוך נוץ גוט אויס אין וועג — האָב ליב די נאטור — דאן וועל איך זיך מיט פארגעניגן באגיין אָן אים· מיר דארפן תמיד וויסן· וואס דו מאכסט! גיב רעגלמעסיק צו וויסן וועגן זיך אהיים — און פון צייט צו צייט מיר אויך!

דיין „יעגער״ [די נייע געשיכטע] איז טיילווייז ניט שלעכט; אַן אמת נאציאנאל־ליבעראַל בוך· אבער· מיט אַט דער באגרענע־צונג· קומט עס נאך צו־ניץ; צייטנווייז איז עס אפילו גאר גוט·

און איצט זיי מיר געזונט! האלט זיך מוטיק און נוץ אויס סיסטעמאטיש די צייט· אל׳דאס גוטס· זיי מיט אלעמען פריינטליך·

איך קוש דיך דיין פּאַפּאַ·

לוקוי· 18· 6· 16·

טייערסטע!

נאך א נאכט צרות· וואס כ׳האב געהאט אויסצושטיין פון א קאָמאַר; ער האט אזוי געזומט און געשטאכן· אז ער איז מיר ממש געקומען צו חלום· א פרישינקער פרי־מארגן· איך זע דורך דעם פענצטערל ווי צוויי שפּארבערס· * דרייען זיך הויך אין די וואלקנס· — איך קום איצט צו גיין צו דיר· צו מיין סאניעטשקען· דיינעביידע מאי־בריוו ליגן פאר מיר: דער לעצטער איז פול מיט זאָרגן· וועגן מיר· כ׳בין כלומרשט געווארן מאגער· קורץ· מעשה ספעציאליסט· האט שוין מסתמא צעבלאָזן די דאזיקע

* ястреб, Habicht

כמארע; איך פיל זיך אינגאנצן גוט, און מיין דאגהען וועגן אייך, דער עיקר וועגן באָבן, האלט זיך אין די גרענעצן, וואס זיינען דערלאזן פאר א פאפא און א מאן — על פי נאטור־ און קונסט־רעכט; באמת, פון דאנען איז ניט געדרונגען, אז איר דארפט דאגהען וועגן מיר, און די מיטלען, וואס דו נעמסט אן, כדי באָב זאל ווערן געזונט, זיינען אזוינע באשיימפערליכע באווייזן פון דיין זאָרגעוו־דיקייט, אז איטליכס ווארט וועגן דעם איז איבעריק. איך בין אינגאנצן רואיק הארץ מיינס, נאר איין דאגה האב איך: וועגן דיר. די קינדער האסטו איינגעארדנט אויסגעצייכנט, מיך פיטערסטו אזוי, ווי קיין איין ווייב ניט אין דער וועלט — וואס טוסטו אבער פאר זיך? כ'אָלט איך געקאנט דעקרעטירן, כ'אלט איך געקאנט זיין לעבן דיר, כ'אלט איך דיך געקאנט נעמען אין מיינע ארעמס און אוועקטראגן אהין, וואו ס'איז שענער, ווי אומעטום. כ'אלט איך דיך געקאנט פארוואנדלען אין אַ סאָלאָוויי אדער אין א גלאנצנדיקע וואַסער־וואָג *), און דורך די גראטעס וואַלסטו געקומען געפלויגן צו מיר, און קיינער וואלט וועגן דעם ניט געוואוסט. „יאָ, וואלט איך נאר געהאט א כשוף־מאנטל”, וואו וועסטו זיין? ס'איז דאך ניט מיגליך, אז דו זאלסט נאך א לענגערע צייט בלייבן איינע־אליין אין דער דירה, און דערצו נאך אָן הילמע'ן . . . .

און יולי, אין דריי אָדער שפעטסטנס אין פיר וואכן ארום דארפסטו קומען צו מיר. עס זיינען שוין פארביי איבער צוויי חדשים זייט דו ביסט געוועזן בא מיר. דו וועסט מיר דערציילן וועגן אלץ באַריכות, אויך וועגן דיינע באציאונגען צו דער רוסישער „באָטשאפט”; ווי כ'קוק אף איר, ווייסטו, ס'האט מיך זעער דערפרייט העלמי'ס ידיעה וועגן דער בשורה פון ראָסטאָוו. אבער צי קאן מען שוין איצט האפן אַף א רעגולערע פארבינדונג — און טאקע פוןביידע צדדים? אף יעדן פאל, לייג איך אריין ווידער א פאר שורות, זיי זיינען קורץ און טרוקן, אבער מען טאר גארנישט ניט שרייבן — אין די „פארבינדעטע” „אוקריינע” אויך ניט!

וואס איז שייך געלט און בכלל דעם ענין וועגן הילף — מיר ווילט זיך, געוויינטליך, ניט האבן קיין התחייבותן בנוגע צו אנדערע, מענטשן, אחוץ די סאמע נאענטע גוטע פריינט. איך וויל ניט און

* коромысло Libelle

קאן ניט זיין געבונדן אף להבא מיט וועלכע ניט איז „מאָראַלישע" קייטן! און אצינד? — — — יאָ, דו היטסט אויך אפ מיינע פאַ־פירן, מאנוסקריפטן און אלץ. מיין נאר ניט, אז איך האלט אזוי שטארק פון די שמאטעס, אז איך האלט זיי פאר אזוי וויכטיק אדער פאר גאר ניט צו פארבייטן, — דא זיינען אפשר פאראן א פאר קערנדלעך, וואס טויגן יאָ, און מיר וואלט זיך נאך געוועלט מאכן פון דעם עפעס רעכטס. אין אפריל האסטו מיר געבראכט דורכצוקוקן א מאנוסקריפט. געוויינטליך, זיינען מיר תיכף איינגעפאלן פארשיידענע זכרונות, הוספות און קאָרעקטורן. אין דעם קאפיטל וועגן דער „דילעמע" * זיי אזוי גוט און שרייב דארט אריין: „דער קלאסן־היפך און די סאָציאַלע היפוכים פון גאנצע לענדער און אומות, וואס שטייט אפ ווייט פון דעם שטענדיקן היפך פון די קלאסן גופא, איז אפט קעגנזייטיק; אט דער היפך צווישן די אינטערעסן פון גאנצע לענדער געפינט זיך אבער תמיד אונטער דער השפעה פון דער קאפיטאליסטישער און דער פראלע־טארישער מיגראציע, וואס גלייכט אלץ אויס; דער דאזיקער היפך שאפט ניט אפ דעם אינטערנאציאנאלן כאראַקטער פון קאפיטאל און ארבעט, ער טרייבט נאר אונטער זיין טענדענץ זיך צו אנטפלעקן!" צום סוף דארף עס זיין, אן ערך אזוי: „די אויסשפרייטונג פארכאפט דעם קרייז פון פראדוקציע און דעם קרייז פון אפזאץ, זי קומט פאָר אין א טאָפּלטער ספיראַל, וואס פארשפרייט זיך אלץ ווייטער א. א. וו." צו סוף פון גאנצן קאפיטל שטעל צו, זיי אזוי גוט: „אזוי פירט אויטאָמאטיש דער אימפעריאַליזם — אויב עס קומט נאר ניט אונטער פאר אים די סאָציאלע קאַטאַסטראָפע — צו א עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע: ער פאר־ניכטעט זיך איינער אליין דורך דעם, וואס ער שאפט א סאָציאַלע מאכט, וועלכע איז אים גובר, ער פארניכטעט זיך איינער אליין דורך דעם, וואס ער שאפט אפ זיינע אייגענע עקאנאמישע פאָר־הנחות — אזוי איז זיין גורל טאפלט פארחתמעט."

און נאך עפעס געשעפטליכס: די צייטונגען פלעגן דא ביז איצט אנקומען זעער פינקטליך, די ביידע לעצטע מאל איז עפעס קאַליע געווארן: כ'האב זיי געקריגן מיט דריי אדער פיר טעג שפעטער. דאס איז אבער „אפילו" וויכטיקער ווי די פאקעטן מיט די עסנ־ווארג; איך גיי תיכף אריבער צו זיי: דו באקלאגסט זיך, אז

* די דילעמע פונ'ם אימפעריאליזם.

דו דערוויסט זיך ניט פון קיין איין בריוו, צי די לעבנס־מיטלען קלעקן, אבער, סאָניטשקע! עס קלעקט, קלעקט, קלעקט — לחלוטין גלויב מיר! כ'וואלט נאר געוועלט, אז דאס בעסערע זאלט איר, זאלסטו איבערלאזן פאר זיך. דו קאנסט ניט פארטראגן אלץ, ווי איך. וואס גייט מיך אן דער טעם — דיך גייט עס אָן און עס דארף דיך אנגיין. אף וויפיל דו שיקסט מיר צו „פיינע" זאכן, בין איך ניט צופרידן.

ביכער. העלמי'ן האב איך שוין געבעטן: מילער־ליר 2־טער באנד, וואָלניי Les Ruines [אין א פראכטיקער קליינער לעדער־אויס־גאבע און נאך עפעס].

... וואס מאכט ראָזע? האסט זי געזען די לעצטע צייט? תמיד ווען דו זעסט זי אדער דו שרייבסט צו איר, גריס זי הארציק פון מיינטוועגן. זי דארף אפהיטן איר געזונט.

און איצט ווידער צו דיר, די פרייע איבונגען מאכסטו? וואס הערט זיך מיט די שפאציר־גענג*. פון קוועטשן די באנק גייט גארנישט ניט ארויס. ווען כ'וואלט געווען אף דרויסן, וואלט איך אייך ארויסגעיאגט! די רעפעראטן לייענסטו? איך זארג דאך אזוי פאר דער דערהאלטונג און דער אנטוויקלונג פון דער נשמה, פון דיין נשמה. איך האלט פון די רעפעראטן, מחמת זיי מאכן דיך לעבעדיק — און דאס איז טאקע א נוצליכע זאך.

בשעת כ'האב דא ניט לאנג געזוכט קאַפיטל ג. קהלת: „איטליכס האט זיך זיין צייט", האב איך זיך אנגעשטויסן אַף קאפיטל ז. „משלי" — — — ס'ארא ווילדע פייער־צינגלעך אינ'ם מאלן און אין דער שפראך! איז פאראן עפעס, וואס איז נאך העכער! — — — דער ים געדאנקן, וואס שפארט און צעשטרייט אלץ, מאכט מיר, שווער מיין הויפט ארבעט — כ'האב טאקע פאר זיך גאר ווייניק צייט — דערצו זיינען איצט די סאמע לאנגע טעג. אבער איך לאז ניט אפ. קורט האט אויסגעזען גאנץ גוט; דו האסט געשריבן, אז כאטש ער איז אין אַ קליין שטעטל, אבער ווייט פון פראנט. עס איז אבער, ליידער, ניט אזוי. ער איז פונ'ם פראנט אזוי ווייט, ווי א דאקטאר קאן בכלל זיין. דו דארפסט וויסן, אז פון קינדווייז אן בין איך צו אים געשטאנען זייער נאענט, אין געוויסע פרטים בין איך געווען זיין רבי, און קודם כל אין האדעווען זומער־פייגעלעך: דאס האט געהאט א גרויסן חלק אין אונזער יוגנט־גליק.

* דעמאנסטראציעס.

אקאַרשט זיינען אָנגעקומען די צייטונגען — פּינקטליך, און פון שבת אינדערפרי אויך: טויזנטער דאנקן. כ'האָב שוין געגומען אַ קליינע שמוץ־באָד — ברר! קינד מיינס, איך בין אפשר אין ספק, צי האָסטו אין זיך די געהעריקע הארטקייט, כדי טאָג־איין־טאָג־אויס אויסצו־האַלטן אַט די אַטאַקעס אויף אַלץ, וואָס איז גרויס, איידל, הייליק, צי קאָנסטו איבערטראָגן די טאָג־טעגליכע טריאומפן פון פּחדנות, קליינקייט, חיהשקייט, קנעכטשאַפט און פון אַלץ, וואָס איז נישטיק. באַ היינטיקן טאָג איז עס שווערער פון אַלץ, אָבער דו וועסט דאָס אויך אויסהאַלטן. דער באַוואוסטזיין, אַז מען שטייט העכער פון דעם, און דער בטחון אינ'ם קומעדיקן נצחון העלפט איבער־צוטראָגן אַלץ. ניכטער פאַנאַנדערגלידערן דאָס, וואָס איז געשען, די סיבות און די רעזולטאַטן — דאָס איז דער בעסטער מעטאָד, שוין דער־פאַר אַליין, ווייל אַזוי פירט מען אַריבער דאָס אַנטיילנעמען אין די געשעענישן פון דער שטורעמדיקער אַטמאָספערע פון דער ליידנ־שאַפט אין די רואיקע ברעגעס פונ'ם פאַרשטאַנד.

דאָס מאַכן די שקאַרמוצן פאַרשאַפט מיר מער אינטערעס, ווי דו שטעלסט זיך פאָר. זיך צוקוקנדיק דערצו, שטודיר איך סיסטעמאַטיש דעם מהות פון טעכניק, די פּסיכאָלאָגיע פון ערפינדונגען, און די השגה פון געניטקייט. דו קאָנסט זיך שמייכלען, אָבער איך בין זיכער, אַז מען האָט שוין אפשר געמאַכט אַזוינע עקספּערימענטאַל־פּסיכאָלאָגישע חקירות — און, מסתמא, אויך וויסנשאַפטליך אויסגענוצט. נאָר בעת מען קוקט זיך צו צו זיך אַליין, ווערט עס אינגאַנצן קלאָר. די קלענסטע באַוועגונג פון גאַנצן גוף און פון איינצלנע גלידער, זייער האַלטונג, די קלענסטע מאָדיפיקאַציעס אין דעם אויס־נוצן די חושים — בפרט פון די אויגן און דעם געפיל — די ראָלע פון די גייסטיקע פונקציעס און פון שטימונג, דער מין און דער סדר פונ'ם מאַטעריאַל, דאָס כסדרדיקע איבערחזערן די זעלבע באַוועגונגען, די ראָלע פון טעמפּ און ריטם אין די האַנט־באַוועגונגען, דאָס צוקוקן זיך צו אַנדערע און דאָס אַפּלערנען זיך דורך דעם און דורך דער אייגענער פּראַקטישער ערפאַרונג — דאָס זיינען אַלץ אַ ים פּרטים און קלייניקייטן, פון וועלכע מען קאָן סוף כל סוף אַרויסדרינגען איינעם פון די וויכטיקסטע גע־זעצן פון דער מענטשליכער אַנטוויקלונג — ער בלייבט תמיד

דערזעלבער: אין די סאמע קלענסטע זאכן ווי אין די גרעסטע.

אבער דאס, וואס ס'איז מיר אויפגעגעבן, האב איך, ניט געקוקט אף אלע טעאריעס, נאך ניט געמאכט.

איך דערמאן זיך אלץ, ווי מעפיסטאפעל לערנט מיט זיינע תלמידים — אמת, כ'קאן באוויי זען, אז אזוי דארף עס זיין — קיין וועבער בין איך אבער פארט ניט געווארען. איך האף אבער צו ווערן. די ארבעט איז אזוי פשוט, אז אפילו אזא בעריע ווי איך, קאן עס לייכט באאבאכטן און זיך אויסלערנען; און ניט אין דער תפיסה איז שווער צו געפינען אף דעם א פרייע צייט.

היינט איז דער 590־סטער שטראף־טאג, דער ויעשט איז 870. אין דער תפיסה בין איך שוין 775 טעג. צו דער צייט פון דיין יולי־וויזיט וועט ס"ה אויספעלן צוויי—דריי וואכן ביז דער העלפט. דאס וויכטיקסטע פון דעם, וואס איך האב אפ'ן הארצן, טאר איך דיר ניט שרייבן . . .

פאראיארן האסטו זיך געווועלט באזעצן אין לוקוי, האסט שוין געהאט געזוכט א דירה — אזוי האבן מיר ארויסגעפלוידערט ד דאכערס — און דו האסט עס פארט ניט געטון. ווי וועט עס זיין דאס יאר? אבער באשליס אליין! זיי געזונט, הארץ מיינס, טייערסטע מיינע, טו א קלער וועגן זיך, אנדערע האסטו שוין באזארגט; און קלער וועגן מיר. איך קוש דיך און נעם דיך ארום

דיין קאראלוס.

גריס יאשען און אלע גוטע פריינט, דער עיקר די ביידע פראנצ'ן, קלארע'ן, קעטע'ן לענע'ן און אלע איבעריקע. א הארציקן גערוס הילמען! איצט וועט זי שוין אויך האבן א ביסל רו. פארגעס ניט איבערצוגעבן א הארציקן דאנק דער פאמיליע וויטעבסקי און פרוי מייער'

[א צעטל, וואס ליבקנעכט האט איבערגעגעבן בא „א וויזיט"]

לוקוי. 18 .7 .7

טייערסטע!

„ראסטאוו דערמאנט אן מילאן און פלארענץ* אויך מיט

* פראפעסאר אלברעכט ווירט „Deutsche Kriegswochenschau" ארויסגע־ געבן פונ'ם מיליטערישן פרעסע־ביוראי

זיין לעבעדיקן, פריילעכן שטייגער—לעבן, מיט זיינע מאנדאָלינעס און באַלאַלייקעס.״

איך שטעל זיך פאָר ווי דו האסט אויסגעזען אין דער סביבה, בעת דו ביסט געווען א קינד, און ווי דו וואלסט דארט געווען איצט — אז אלץ וואלט געווען אנדערש. איך חלום וועגן דעם, אז כ׳וועל נאך אמאל קומען קיין רוסלאנד און ראָסטאָוו, זען ראָסטאָוו און פאָרן מיט דיר איבער דעם צויבערליכן קרים — אף געשווינדע טאָטערשע וועגלעך. זיך שיפן מיט דיר אפ׳ן דאָן און אדורכנעמען דעם קאַווקאַז, און מאסקווע און פעטערבורג — און אָדעסע און קיעוו.

היינט ביסטו ווי א פיש, וואס מען האט אים ארויסגעווארפן אפ׳ן ברעג. דעמאלט וועל איך דיך זען אין דיין עלעמענט, בא זיך אינ־דערהיים. אין רוסלאנד — און אין איטאליע.

טייערסטע, ווי איך וואלט דיך געוועלט האבן בא זיך. . . . טייערסטע —

דיין קארל.

דעם פלאן פון א סאָציאליסטישן פארשונגס־אינסטיטוט האב איך אנגעווארפן אין הארבסט 1915 אפ׳ן פראנט — אין די דווינע־וועלדער. דעמאלט האב איך געקלערט וועגן שווייץ און כ׳האב זיך דארטן פארבונדן וועגן דער זאך.

די "וויסענשאפטליכע ארבעט", וואס דו האסט מיר דא ניט לאנג געבראכט אהער, איז טאקע אט דער פראיעקט — כ׳האב אים טיילווייז אויסגעפירט ביז די קלענסטע פרטים; צוליב א סך הוספות און די אומשטענדן, בא וועלכע דאס איז געווארן, איז דער ענין טיילווייז פארפלאנטערט, קשהדיק, אפטמאל צו ברייט. ליידער האב איך עס קיינמאל ניט געקאנט דורכקוקן. זאג עס די רוסישע חברים, גיב זיי צו וויסן וועגן דעם, וואס כ׳האב גע־שריבן — מאך אויפמערקזאם, אז ס׳איז ניט קאָריגירט, גיב זיי די דאזיקע באמערקונגען, אבער נאר א קאפיע.

אנהייב אויגוסט 18.

צו אונרוה׳ס "געשלעכט"

בא אלע מעלות פון דער דאָזיקער דראמע, וואס זיינען בכלל גאנץ שטארק, איז זי נאך אינגאנצן אירונג—אין פרט פון אינהאלט, פון געדאנקען

און פון געפיל, — און ניט קיין קלערונג: זי שטעלט רעטענישן, ניט קיין פתרונות. דעם דיכטער קאן מען צורעכענען צו יענע וועלט־חכמים, וועגן וועלכע לעסינג זאגט, אז זיי זיינען זיך מער מטריח צו מאכ׳ן וואלקנס, איידער זיי צו צערשטרייען. אבער מען דארף אפווארטן, וואס וועלן אונז געבן די איבעריקע טיילען פון דער טרילאָגיע. דער ערשטער טייל זעט די פראבלעמען „אלגעמיין מענטשליך". אט די אבסאלוטע, עלעמענטארע זייט כאפט אונרוהע אזוי ערנסט, ווי דאס איז בכלל מיגליך. אבער, פונדעסטוועגן: נאר ווי א מיטגליד פון דער בורזשואזער געזעלשאפט, וועלכער אמפערט זיך מיט׳ן גורל, פאָכעט מיט׳ן פויסט קעגן די שטערנס, קלאגט אָן דעם סדר העולם, און פייניגט זיך אליין; ער זעט ניט קיין אויסוועג; ער וואלט געוואלט אנטלויפען און קאן ניט — ער איז ארייגעפאלן אין א יאוש, וואס פירט ניט צו קיין מעשים — אנשטאט צו קעמפן, צו שאפן א נייע וועלט. פראבלעמען פון צווייטער מדרגה פאַרשטעלן אים דאס וויכטיקסטע. צוליב די רעזולטאטן זעט ער ניט די סיבות, ער זעט ניט דעם סאציאלן שורש פון דער מורא, וואס כאפט אים שטארק ארום, ער זעט ניט דעם כוח, וואס קאן אויסראָטן די מורא; אט דאס ווערק איז די דראמע פון דער בורזשואזיע, וואס מען האט ארויסגעריסן פון דעם שגעון, אז איר אייגענער סדר־עולם איז געטליך. פונדעסטוועגן זידט אדורך א רעוואלאציאנער־אירנדיקער גייסט דעם אויסערגעוויינטליך קאָנ־צענטרירטן און אינטענסיוון שטייגער מאלן, מען דארף אפווארטן, צי וועט נאך דעם דאזיקען בין השמשות קומען דער טאג.

לוקוי 18. 8. 12.

טייערסטע!

נאר צוויי זאצן, כ׳האב זיך ערשט היינט פונאָוונט דערוואוסט, אז דו קומסט צוגיין מארגן.

פאר דיין בריוו און דיין קארטל פון ווירצבורג א גרויסן דאנק — מיר וואלט זיך אזוי געוועלט שיקן פאר יאַשע׳ן כאטש איין וואָרט — ווער ווייסט, וואו ער איז איצט! די דאזיקע נסיעה איז א גרויסע העלדישקייט!

ווירצבורג דערמאָן איך זיך זעער גוט — שטודירט האב איך דארטן ניט, נאר כ׳האב דארט געמאכט מיין דאקטאר־עקזאמען — אבער געדולט אויך, און טאקע יום־טובדיק! און טיפּאָלאָס בילד זע איך קלאר, ווי פאר מיינע אויגן! — — — האסט געלייענט מילטאָנ׳ען? כ׳בעט דיך לייען. איך קאן שווערן, אז מילטאָן האט דיך געקענט — זיין חוה דאס ביסטו, אבער מיט אלע פּיטשעווקעס! דו וועסט עס ניט קאנען לייקענען — לייען —

ס׳איז שטאָק־פינצטער, כ׳מוז פארענדיקן — א סך טויזנטער קושן — כ׳נעם דיך ארום, טייערסטע —

דיין קאַרל.

גערים אלע גוטע פריינט — דער עיקר, ראָזע׳ן — מאטילדען און די גאנצע משפחה!

לוקו, 18. 8. 23.

טייערסטע!

היינט אינדערפרי האב איך באקומען דיין קארטל פון צאַאַראָ. כ׳האב אויך געהערט וועגן דיין שמועס דורכ׳ן טעלעפאן מיט׳ן הער דירעקטאָר. כ׳בין ממש פארחידושט. דיר גיבן זיך גרינג איין אזוינע זאכן, וואס האבן זיך נאך קיינעם ניט איינגעגעבן. חוה — חוה! אלץ האסטו פארשטאנען אין מיין בריוו — אלץ, אלץ, אבער ווי אזוי האסט עס ניט פארשטאנען דוקא אט דעם ענין * כ׳האב זיך אויסגע־דריקט אזוי קלאר, אפנים, האסטו עס גארניט געלייענט ווי ס׳באדארף צו זיין. כ׳האב געשריבן אזוי דייטליך, ווי איך קאן נאר — אבער איך חזר איבער, הגם עס איז שוין מסתמא צו שפּעט — טאקע ניין; וועגן די מאטיוון — וואָס זיינען שייך ניט נאר צו מיר — טאר איך דא ניט שרייבן — הגם מיר וואלט זיך דאס שטארק געוואלט. ווייל דאס וויכטיקסטע איז פאר מיר ניט דאס מינדליכע — און על־כל־פנים, ניט קיין סענטימענטן. היינט — נאר דאס . . . און, אז

* רא רעדט זיך וועגן א פארשלאג מצד דער רוסישער ראטן־באטשאפט וועגן אויס־בייטן בא דער דייטשער רעגירונג פאליטישע ארעסטירטע אף א פאר מיטגלידער פון דעם צארס משפחה.

מיין ליבשאפט צו דיר איז נאך א סך שטארקער, ווי דו האסט עס ארויסגעלייענט פון מיין בריוו. און אז איך בין זיכער, אז דו וואלסט שטארק האלט געקריגען דעם מערקישן לאנדשאפט, ווען מיר וואלטן אים אדורכגעשפרייזט צוזאמען. און אז איך וויל תיכף ומיד דיין פאטאגראפיע — פארוואס מאטערסטו מיך?... אז כ׳האב באקומען די פאפיר־בלאקן און איך דאנק דיר, אז איך ווארט איינגיכן אפ׳ן פראנצויזישן לעקסיקאן [נאר רעקלאַם — ניט גרעסער], אז מעריאַן * איז ניט שטארק טיף און גרינדליך: ער באגרענעצט זיך נאר מיט דער מער נייער [טאקע ציוויליזירטער] מוזיק, און ער באשעפטיקט זיך ווײניק וואס מיט דער טעכניק — און איך זוך עס דוקא [איך דארף עס צו מיין ארבעט] דאס בוך פירט פונדעסטוועגן ארויף אף געוויסע געדאנקען, און, דאס רוב, איז עס באהערשט פון א קלוגן און ברייטן שטאנדפונקט, און האט אן אייגענעם [גאנץ פראגרעסיוון] קוק אף דער געשיכטע; דאס שטויסט מיך דוקא אָן אף א סך געדאנקען — ער וועט אויך העלפען ראזע׳ן איבערקוקן איר מיינונג וועגן בעטהאווען׳ען און שוברט׳ן [וואס איז א גרויסער טעות פון איר זייט] — אויב עס זיינען נאך אונז בכלל באשערט שעהען פון קונסט. [אגבי, האסט דו איבערגעגעבן ראזע׳ן מיין גערוס און מיין דאנק?] כ׳האב דאס לעצטע מאל געקריגען די צייטונגען פונקט אין מינוט, און איך האף, אז אזוי וועט עס בלייבן; גערים אלע גוטע פריינט! איך נעם דיך ארום טויזנטער מאל און קוש דיך
דיין קאַרל.

וואס זאג איך־טויזנטער מאל! „וויפיל צווייגען, וויפיל בלעטער, וויפיל קווייטן עס זיינען פאראן — אזוי פיל מאל וואלט איך געקושט מיין טייערע״, ווען זי וואלט געווען דא.

און נאך א זאך: אויב באָב זאל שטארק מאטערן און וועלן בלייבן שפעטער, ווי ביז אקטאבער — וואלט איך ניט געווען שטארק קעגן דעם. אין פרט פון געזונט דארף ער עס האבן נויטיקער ווי העלמי. און באָב מיינט, אז ער האט אף דעם א חזקה צוליב דעם ענין האלאנדי, וואס האט זיך ניט איינגעגעבן; דאס האט זיך דאך געצויגן אָן א סוף. אבער איך פארלאז זיך אינגאנצן אף דיר.

היינט באנאכט איז געווען א זעלטן גרויסארטיקער געוויטער;

* געשיכטע פון מוזיק.

ער איז אוועק אף בערלין מוראדיק – כ׳האב געקלערט וועגן דיר׳ עלנט קליין קעצעלע – וואוהין ביסטו פארקראכן·

לוקוי׳ דעם ·18 ·9 ·8

טייערסטע מיינע !

איצט האב איך דיך אין מיינע הענט ! און איך לאז דיך ווידער ניט אפ· פונקט ווי אזוי וואלט איך דיך ניט געזען און ניט ארומגענומען טויזענטער מאל· דארפסט· באמת׳ ניט בעטן מחילה׳ וואס דו האסט דוקא דעם זומער א פאר וואכן אויסגעזען אזוי· נאר דער טשופר איבער׳ן שטערן געפעלט מיר ניט· כ׳וויל׳ אז דיין שטערן זאל זיין פריי׳ ער האט עס כשר פארדינט· אבער בקיצור׳ אפילו אזוי : ס׳איז פאר מיר א גרויסע׳ גרויסע פרייד׳ וואס כ׳קאן דיר פאר איר באדאנקען נאר מינדליך· כדי עס צו באווייזן און לכבוד דעם 1־טן אקטאבער שרייב איך היינט ! יא׳ גע־ ערטע ווייבל׳ א האלב טוץ יארן׳ פון וועלכע מיר זיינען סך הכל געווען צוזאמען קוים א העלפט׳ ״דו חנודיקער מום פון דער נאטור״ ! קאן מען זיך דען פארשטעלען׳ אז מיר האבן ווען ניט איז ניט גע־ הערט איינער דעם אנדערן ? · · ·

מיין גורל האב איך שטייף מיט דיר באהעפט
אף אלע מאל !
מיט דיר וועט טויט פאר מיר א לעבן זיין !
בא זיך אין הארצן פיל איך טיף׳
ווי מעכטיק ס׳ציט מיך די נאטור
צו מיין צווייטן ״איך״ –
פארליר איך דיך׳ פארליר איך זיך אליין·

וואלט איך געווען פריי׳ וואלט איך דיר געגעבען א מתנה די שענסטע אויסגאבע פון מילטאָנע׳ן׳ און מיר וואלטען זיך איינער־א ליי געזעצט אף דיין זאפע און געלייענט דעם פערטען געזאנג׳ און פונאָ ווּנט וואלט איך געווען דער שטן אינ׳ם ניינטן געזאנג׳ אבער אינגאנצן באזיגט פון דער זיסער שיכרות· אזוי מוזן אבער פאנטאזיעס און האפענונגען פארבייטן דאָס וואָר· און איצט אָט וואס :

דער דירעקטאר גייט אוועק פון 10־טן אן אף ״אורלויב״, דערפאר שרייב איך דיר שוין היינט און בקיצור. דאס איבעריקע וועל איך דערשרייבען בעת ער וועט קומען צוריק. אָטאָ׳ן קאן אויך אויסקומען צו זיין די טעג — אויב יאָ, וועט עס פארקומען אונטער דער השגחה פון דעם הער אינספעקטאר.

א הפסקה — די צייטונגען זיינען אנגעקומען — אבער כ׳האב זיי נאך ניט געלייענט. א גרויסן דאנק! פאר דיין פינקליכקייט.

דו מוסרסט מיך, וואס איך חזר אפט איבער דאס אייגענע מיין ניט, אז איך בין עובר־בטל. דער טייטש איז: ארייַנקלאפן, ביז דער נאָגל וועט זיצן שטארק. שלאגן מיטן האַק — ביז דער בוים וועט פאלן, קלאפן, ביז די, וואס שלאפן, וועלן אויפשטיין. שמייסן, ביז פוילערס און פחדנים וועלן אויפשטיין און טון* און... אזוי—יאָ, אזוי לאנג גלעטן ביז מיין טייערע וועט ערפילן מיין בקשה און מיר שיקן די לעקסיקאָנען... כ׳וואלט געהאלפן, כ׳וואלט מקריב געווען טוי־זענטער אייגענע לעבענס, כ׳וואלט מיטגעהאלפן אין דער איינציקער זאך, וועלכע קאן נאר העלפן דער רוסישער ר׳עוואלאציע און דער וועלט. פארשאלטענע אָנמאכט. כ׳שטויס זיך אן אף די ווענט.

דינסטאָג, דעם 3.9. האב איך געקריגען ״מארקס׳ן״,** עטליכע טעג בין איך געווען אינגאנצן אויפגערודערט. דעם צווייטן טייל, וואס כ׳האב נאך ניט געקענט, האב איך שוין דורכגעלייענט צוויי מאל. דער שטייגער־מאלן ווייזט ווידער ארויס א מייסטערשאפט, וואס איז ניט אריבערצושטייגן.

דאס, וואס איך האב געזאגט וועגן ערשטן טייל, קאן איך נאר זאגען אויך וועגן צווייטן. צו מיין עגמת נפש טאר איך ניט אנשרייבן דעם חבר מערינג, ווי גרויס ס׳איז געווען מיין שמחה; אבער גיב אים דאס איבער און באדאנק אים הארציק נאכאמאל, און זאג אים, אז וועגן עטליכע ערטער, וואו איך בין מיט אים זאכליך ניט אינ־גאנצן מסכים, וועל איך זיך — אין א בעסערער צייט! — מיט אים דורכשמועסען [אזוי האף איך — און איך בענק שוין נאך דעם!] און איך וויל, אז מען זאל ראטעווען דעם אלטן בלאנקי; ער האט עס פערדינט: ניט

* אט דער בריוו, וואס איז געשריבן צוויי חדשים פאר דער רעוואלוציע איז קארל ליבקנעכטס לעצטער רוף פון תפיסה: א רוף צו דער רעוואלוציע, א געשריי צו העלפן דער רוסישער רעוואלוציע.

** פראנץ מערינגס.

ווייניקער פון באַקוניג׳עז׳ הגם פערזענליך איז ער ניט אזוי אוועקגע־מאכט געווארן׳ ווי באקונין. גערים ביידע מערינגס און אלע לייט׳ וואס זיינען ניט קיין שלעפער. ד״ר שיק איך מיינע צערטליכסטע קושן.

דיין קארל.

---

**פון פראנט *** דעם 2־טן יולי 1915.

זייט מוחל — דא גייט עס נאר מיט א בלייפעדער.

**ליבע פרוי אָלגא!**

דעם 19. 6. איז צו אונז געקומען סילוויע ; דעם 29. 6. האב איך שוין געמוזט אוועק קיין קיסטרין: נאך א לאנגער נסיעה האט מען מיך פון דארטן תיכף אוועקגעשיקט ווייטער — אף צפון־מזרח. איך שרייב אונטערוועגס — כ׳זיץ אפ׳ן הויף פון א מאיאָנטעק׳ וואס ליגט אן א זייט. פונדערהיים האב איך נאך דערווייל קיין שום ידיעות ניט — שוין 14 טעג.

סילוויעס ידיעה וועגן טויט פון מיין עלטן שווער האט מיך אינגאנצן אויפגעטרייסלט. כ׳האב זעער האָלט געקריגן אט דעם ליבן מענטשן. מיר דאכט זיך׳ אז איך האב אים גוט פארשטאנען. אלע אונזערע פלענער און האפענונגען צו האבן אים אף א לענגערע צייט לעבן זיך׳ אים און די גאנצע פאמיליע — אט דאס אלץ האט זיך אויסגעלאזן צו־נישט. איר געדענקט׳ ווי ער האט זיך פאראיאָרן געהאט אינטערעסירט מיט מיין ליטעראַרישער ארבעט׳ ווי ער פלעגט מיר צוגעבן מוט. קיינע שום פרטים ווייס איך ניט. אז איך האב זיך מיט עטליכע חדשים צוריק דערוואוסט פון זיין אָפּעראציע׳ בין איך שוין דעמאלט געווען שטארק צעטראגן. בעת איך בין געווען אין לאָטרינגען׳ האב איך כסדר מורא געהאט׳ אז דער אומגליק וועט פאסירן — און סאָניע וועט זיין איינער־אליין. נאכדעם׳ ווי ס׳איז

---

* די דאזיקע צוויי בריוו צו דער שוויגער ווערן דא פובליקירט צום ערשטן מאל. זיי זיינען איבערגעגעבן געווארן פון פרוי סאפיע ליבקנעכט ערשט אין פעווראל 1921. א. ווי.

פארביי אזא לאנגע צייט, האבן מיר געמיינט, אז די סכנה איז שוין פארביי — און איצט? סאָניע האט זיך געהאלטן זעער באהארצט — בעסער, ווי איך האב מורא געהאט . . .

מען קאן זיך גאָר ניט פארשטעלן, וואס איר האט עס געהאט אויסצושטיין, זינט איר זייט געקומען אהיים, און — מירע פון ווינטער אָן! מיין טיפסטן מיטגעפיל דארף איך אייך ניט אונטערשטרייכן. איך האָף, אז די שרעקליכע צייט וועט באלד פארבייגיין, און מיר וועלן זיך זען געזונטערהייט — מיר אלע, אלע — מען דערוועגט זיך גאר ניט ארויסצוזאגן אזא מין האפענונג. עס גייט מיר, ווי עס קאן גיין.

זייט געזונט. — איך ווינטש אייך און מירען אל'דאס בעסטע און איך גריס אייך הארציק

אייער קארל.

בערלין, אקטאבער 1916
[אויספארשונגס־תפיסה, מאַאַביט *]

מיין טייערע עלנטע פרוי אָלגא!

דאס, וואס האט פאסירט מיט בעבע'ן, איז אזוי טרויעריק, אז איך ווייס ניט, וואס צום זאגן,

אזא יונגע, פרישע, לעבנס־דארשטיק לעבן,
און אלץ און אלץ . . .

איך האב אים זעער ליב געהאט. איך האב אים שוין געקענט פון 1906 אָן. און געזען האב איך אים דאס לעצטע מאָל אין יולי — דעם 11־טן יולי — 1914. און זיין פוסטן צימער — אין סעפטעמבער.

די סתירה איז אזוי אימהדיק — דאס געפיל און דער שכל קאנען ניט דערלאזן, אז דער דאָזיקער סוף זאל זיך אנטפלעקן פאר זיי נאר ווי אן אבסטראקציע, אָן קיין שום קאנקרעטן בילד.

אזוי גייט עס אונז אלעמען, די קינדער אויך: זיי געדענקען נאך בעבע'ן זעער בולט. צו אלץ האט סאָניע אריבערצוטראגן אָט דעם אומגליק אויך. זי האלט זיך אבער מערקווירדיק גוט. זי דאגהעט

* זע די אנמערקונג צו דער ז. 139.

נאר וועגן אייך; און זי בענקט נאך אייך אזוי שטארק! מיין גרעסטע דאגה וועגן סאָניען איז דאס, וואס זי קאן איצט ניט שטילן אָט די בענקשאפט.

וואלטן כאטש די ידיעות פון אייך געוועזן עפטער און גיכער! איר האט איבערגעלעבט אזוינע צרות. איך האף, אז איר פארמאגט דעם כוח, גובר צו זיין אויך דעם אומגליק—אף וויפיל מען קאן עס בכלל גובר זיין מעשה מענטש; אייער געזונט וועט בייקומען אלץ, וואס מען דארף אריבערטראגן בא היינטיקן טאג — און איך האף, אז מיר וועלן זיך נאך אלע זען אין בעסערע צייטן. אינגיכן ווער איך נעלם אף א קורצע צייט. אבער נאך דעם וועלן מיר זיך ווידער זען, און אויך אַדאָלף און סילוויע און מירע און דער יונגער דור, וואס דארף איצט פאר אייך זיין א גרויסער טרייסט.

זייט געזונט און שטארק — אל׳דאס, אל׳דאס גוטס — אייך און סילוויע׳ן און מירע׳ן און אירענען און מאריאנען — כ׳האב זיי נאך גאר ניט געזען (נאר אפ׳ן בילד).

געריסט זיי אלעמען הארציק.

אייער קארל.

איך בין געזונט.



קארל ליבקנעכט רעדט אין די טעג פון דער רעוואלוציע. (בערלינער זיגעס-אלעע, דעצעמבער 1918.)

# „קעגן די פרייהייט־שטראָף״ *

## א פראָיעקט.

מען וואלט געדארפט די ארעסטאנטן באהעפטן מיט דעם מענטשן, מיט דער געזעלשאפט — אנשטאט דעם רייסט מען זיי ראַדיקאל אפּ פונ׳ם מענטשן, שניידט מען זיי אינגאנצען אפּ פון דער געזעלשאפט, און מען דערווייטערט זיי אפילו פון זייער פאמיליע — מען וואלט זיי געדארפט פארבינדן, פארפלעכטן מיט די כלל־אינטערעסן — אנשטאט דעם פארפרעמדט מען זיי אלץ מער פון די דאָזיקע אינטערעסן — און אפילו זייערע ידיעות אויך — דורך א קינסטליכע איבער געוואלט דורכגעפירטע איזאָלירונג. קיין שום ידיעה ניט פון דער דרויסענדיקער וועלט, חוץ דאס סאמע פערזענליכע: קיין צייטונגען ניט [מלחמה־צייט אן אויסנאם פאר מלחמה־נייס].

מען וואלט זיי געדארפט דערנענטערן צו אידעאלע אינטערעסן, זיי אנזאפּן דערמיט — ארייַנשפּריצן אין זיי — אנשטאט דעם האלט מען איטליכע רוחניותדיקע ארבעט, [דאס לייענען א. א. וו.] פאר א לגאָטע און פאר א איבעריקע זאך [אנשטאט צו מאכן פון דעם א סיסטעם פון ערציאונגס־מיטלען]. די פרייע צייט, וואס איז פאר דער דיסציפּלין [אליין־דיסציפּלין] לכל הדעות ניט ווייניקער וויכטיק ווי די ארבעט, ווערט צוגעטיילט אפּ׳ן שפּיץ־מעסער.

מען וואלט זיי געדארפט צוגעוואוינען צו זעלבשטענדיקייט ארויסרופן די זעלבשטענדיקייט. פארגלייך „ווילהעלם דעם מייסטער׳ס לערן־יאָרן״ V. 16.]. ** אנשטאט דעם צעבערעכט מען סיסטעמאטיש אלץ, וואס איז אין זיי פאראן זעלבשטענדיקס; מען דרייט זיי, [אף וויפיל עס לאזט זיך ניט חרוב מאכן], מען נויט זיי זיך צו האלטן אונטער־דער־ערד, זיך צו באהאלטן אין די נידעריקסטע מדרגות; מען קאררומפּירט, צעקריפּלט, מען פארסמט די גוטע קערנדלעך צוזאמען מיט די שלעכטע. מען וואלט זיי געדארפט צוגעוואוינען צו א [פרייעם] מגע־ומשא מיט איידעלע, פּעדאַגאָגיש געניטע מענטשען — מאכן אזא מין מגע־ומשא פאר א באַ־

---

* דער דאזיקער פּראיעקט, ווי א סך אנדערע ליבקנעכטס תפיסה־נאָטיצן, שטעלט מיט זיך פאר נאר א קאנספּעקט צו א גרעסערער ארבעט. פארשטייט זיך, אז וועגן א סטיליסטישער אפּגעשלאסנקייט קאן דא קיין רייד ניט זיין.

** געטע.

דערפניש — אנשטאט דעם לאָזט מען זיי אפ׳ן שעדליכסטן אופן ווירקן איינעם אף דעם אנדערן — מען לאזט זיי פארדארבן איינעם דעם אנדערן [אפנארן איז שוין פון די קלענסטע חטאים] און א חוצ־דעם, באגייט מען זיך מיט זיי — כמעט אלעמאל — נאר ווי מיט אן אָביעקט; די באַאמטע, חוץ אויסנאמען, דערנענטערן זיך ניט צו זיי; דאָס רוב, זיינען עס מענטשן — אין פרט פון פעדאגאגיק — לחלוטין אָן פעאיקייטן [מעשה מיליטער]: סכעמאטיזם, מאסן־מושטרירונג — אנשטאט אן אינדיווידועלער באהאנדלונג; אומצוטרוי אף איטליכן שריט־און־טריט, אנשטאט צוטרוי.

מען וואלט זיי געדארפט צוגעוואוינען צו אפנקייט און צו־טרוי, ארויסרופן און אנטוויקלען אף אזא אופן דאס גוטע, אנ־שטאט דעם ווערן זיי דרעסירט, ממש געַנויט — דורך דעם סכע־מאטישן באנעמען זיך מיט זיי — צו פארבאהאלטן: צו צביעות, צו פארביסנקייט, צו נשמה־לעבן אונטער־דער־ערד — צו פירן אונטער דער ערד דאס דרויסנדיקע לעבן, צו א פארבאהאלטנקייט, וואָס איז פאר זיי ממש א סם.

מען וואלט געדארפט אפהיטן די קערנדלעך פון זייער בטחון — אנשטאט דעם צעדריקט מען עס, רייסט מען עס פלאנמעסיק ארויס; מען וואלט זיי געדארפט באהאנדלען אינדיווידועל און אינדיווידועל דערציען, אנשטאט דעם ווערן זיי סכעמאטיש צונויפגע־פרעסט און געשליפן.

מען האט זיי געדארפט צוגעוואוינען צו א שטייגער־לעבען, וואס זאל פאר זיי זיין א מוסטער אויך פאר׳ן פרייעם לעבען — אנשטאט דעם קאָמאנדירט מען זיי אזא מין איינטיילונג פון טאג, וואס איז [שוין ניט גערעדט וועגן דער ארבעט] לחלוטין אַנאָרמאל, ממש ניט צו דערטארגן — וואס איז א מניעה פאר איטליכן ממשותדיקן שטרעבן צו מעשים, וואס דערשטיקט איטליכס שטרעבן צו עפעס און אנטוויקלט די מיאוסטע נטיות, וועלכע מען קאן זיך נאר פארשטעלן: מחמת מען נויט זיך לייגן פרי שלאפן און ליגן א לאנגע צייט אין בעט, צוליב די לאנגע פינצטערניש [מלחמה צייט איז מען זעער שפארעוודיק מיט קינסטליכע ליכט].

אט די אינדיווידאומס, וואס זיינען שוין פון־זיך סאָציאל אפ־געשוואכט, וואלט מען געדארפט, מאכן שטארק, קרעפטיק, מען וואלט

זיי געדארפט אויפמונטערן צו א פרייעם קאמף פאר׳ן קיום — אנ־שטאט דעם פארדארבט מען זיי, מען גראבט אונטער זייערע כוחות. מען האט אין זיי געדארפט אנטוויקלען אלע קערנדלעך פון זעלבשטענ־דיקייט — אנשטאט דעם צעדרייט מען זיי א זוי, אז בשעת זיי ווערן שוין פריי, באנעמען זיי זיך ווי נארישע קינדער, און נוצן אויס די פרייהייט נאר כדי צו ווילדעווען.

אפילו זייער ארבעט איז אפט אן ארבעט פון פארטאטשעס צוליב א שמוציקער קאָנקורענץ — ניט קיין לימוד, ווי ס׳באדארף צו זיין.

מען וואלט זיי געדארפט ענג צושמידן צו דער פאמיליע — אנשטאט דעם בינדט מען זיי אפ פון איר, און די פאמיליע ליידט פון דעם שטארק.

מען וואלט זיי געדארפט לאזן זארגן פאר זייער פאמיליע, לאזן ארבעטן, אנשטאט דעם גייט די פאמיליע אונטער.

מען וואלט געדארפט ארויסרופען און פארשטארקן זייערע סאָ־לידארישע אין סאציאלע נטיות, אנשטאט דעם ווערט אין זיי אויפגע־האדעוועט די שפלסטע זעלבסט־ליבע, עס ווערט אפילו אין זיי צעקוועטשט אן עגאָאיזם אפ׳ן גרויסן שניט — מען צעקריפלט זיי מיט קלייניקייטן.

נאכדעם, ווי מען לאזט זיי ארויס, וואלט מען זיי געדארפט מאכן פריי אלע וועגן, עפענען טיר־און־טויער, כדי אויפצונעמען כאטש איין בעל־תשובה פון הונדערט בעלי־עבירות [אין הימל האט מען מער נחת פון איין בעל־תשובה, איידער פון 99 צדיקים!!], אנשטאט דעם בלייבט אף זיי א פלעק, זיי געפינען קיין ארבעט ניט: די ארבעטער זאגן זיך אפטמאל אפ צו ארבעטן צוזאמען מיט זיי — די „פאר־זארגונג" ווייזט אויך ארויס די גאנצע הילפלאזיקייט פון דער הייניקער געזעלשאפט אינ׳ם קאמף מיט דעם פארברעכן; די „פארזארגונג" פענטעוועט, סטיגמאטיזירט, און אין איר הייניקער פאָרם איז זי א נגע־צרעת, א קייט, וועלכע דער באפרייטער שלעפט אף זיינע פיס [ס׳איז שוין ניט פיל בעסער איידער די פאליצייאישע השגחה]— זי שאפט, זי האדעוועט אויף, צבועיאקעס, פרומאקעס, טעלער־לעקערס, וצדקתך׳ס, ביזאנטישע, הכנעהדיקע ברואים — ניט קיין כאראקטערן, וואס קאנען ווערן אנטוויקלט נאר דורך פארהארטונג: ווי א פראדוקט פונ׳ם אייגענעם קאמף, ניט דורך לאקריץ־זיסע גנאָד און וואוילהארציקייט —

נאר דורך דאס פאראיידלען דעם ווידערשטאנד; ניט דורך ברעכן די ביינער און ציען די אדערן — נאר דורך די אייגענע ארבעט פון דעם קרימינעלן, ניט פון אויבן אראפ, ווי א חסד — נאר אקטיוו, ניט פאסיוו, נאר, אזוי צו זאגן, רעוואלוציאָנער — אין דעם קרימינעלן גופא! ניט ליכטיק־מאכעריש — דעספאטיש, דורך ס׳באגליקן מצד די שררות. וואס פאר׳א נוצן וואלטן דא געקאנט ברענגען אויך זעלבסט הילף, אָרגאניזאציע א. א. וו. פון די באפרייטע אליין? העלפן די פריי־געלאזענע זיך שטעלן אף די פיס דורך דעם קאמף מיט די סיבות פונ׳ם פארברעכן?

בקיצור: די סאָציאלע אפשוואכונג פונ׳ם קרימינעלן ניט נאר וואס זי ווערט ניט אויסגעהיילט אדער פארקלענערט, זי ווערט נאך פאר־גרעסערט און דערפירט ביז א מדרגה, וואו קיין שום זאך קאן שוין ניט העלפן — ווייל מען שוואכט אפ סאָציאל אדער מען מאכט איינגאנצן חרוב די פאמיליע, וועלכע מען לאזט אן קיין שום הילף — דאס איז דער circulus viciosus * פון דער פרייהייט־שטראָף און, דער עיקר, פון דעם לאנג־טערמיניקן איינצל־ארעסט; דוקא אים רימען אדער גיבן אים אפ די בכורה קראָנע און פינקעל־בורג א. א. וו. — אנדערע פרטים פארשטייען זיי גראד גוט — [א חוץ דעם: א שמוציקע קאנקורענץ, וואָס ווארפט די פרייזן, פארטאטשישע ארבעט א. א.] דאס רוב, קאן קיין רייד ניט זיין וועגן א טעכנישער אויסבילדונג: אפטמאל צעשטערט מען אפילו א פעאיקייט צו א מלאכה, וועלכע דער קרימינעלער האט שוין געהאט געקענט פאר דעם ארעסט. ער געוואוינט זיך אָפ (מחמת ווייניק איבונג), אדער ער פארלערנט עס צוליב דער פארטאטש־ארבעט. דאס איז, דער עיקר, א סכנה פאר די יינגערע, וואס זיינען נאך ניט איינגעפונדעוועט אין זייער פראפעסיע: זיי בלייבן שוין אזוי אדער זיי ווערן פראפעסיאנעל אבסאָלוט אָן א באָדן — דאס איז א סכנה אויך פאר די עלטערע, וואס שטייען נאענט צום שוועל, וואו מען פארלירט שוין איטליכן סאציאלן ווערט. —

מען נויט זיי ארבעטן, אבער אין אזא מין פארם, וואס מאכט די ארבעט פאר א משא און ניט פאר קיין תענוג — דער רעגלאמענט: די שכירות זיינען אזוי נידעריק, אז ס׳לוינט ניט ארבעט. די שכירות

* א פארבישופטער קרייז.

זיינען א מתנה — און ניט קיין רעכט! שכירות ווערן דערלאזן ערשט דאן, ווען מען ארבעט שוין אליין אָפּ דריי יאָר — און אפילו דעמאלט אויך נאר איין מארק א חודש בא א סומע פון איבער 30 מארק. בכן, האט עס סתם קיין שום ווערדע ניט. דיסציפּלינארע שטראפן: קייטן, שמיץ [בפועל ממש], דאס חושד זיין אין סימולאציע, מעדיצינישע הילף: פעלדשארעס! [זיי הויבן ניט אָן צו וויסן!!]

איבערגעוואלט פועלט מען א געוויסע רעגלמעסיקייט אינ׳ם אויסוויינינקסטן לעבען [אבער ניט קיין נאטירליכע און א קליינליכע]. בעת מען ווערט פריי, קאן די רעגלמעסיקייט בשום אופן ניט זיין אדער ווערן א רגילות, א זאך, וואס פארשטייט זיך פון זיך אליין — אדער וואס קאן, לכל הפחות, געמאלט זיין, דעם דאזיקן סדר מוז מען תיכף אוועקליגן אָן א זייט. און אז מען ווערט פריי, שפּירט מען טאקע דעם „סדר" ווי א שווערע משא. געוויסע מיאוסע זאכן דערלאזט מען ניט, אבער מיט אזוינע מיטלען, וואס מאכן ניט דאס „ניט דערלאזן" פאר א פרייעם באשלוס; דאס „ניט לאזן" שפּירט מען תמיד ווי א זאך, וואס איז גענויט, ווי א זאך, וואס מאטערט, א מוז־זאך, פון וועלכער מען ליידט — קעגן אייגענעם ווילן! דאס איז א מהלך רב פון א פרייעם ווילן־אויסגוס אדער פונ׳ם דערשטיקן א געוויסע רגילות.

מען האט געדארפט פארהיטן, אז דאס שלעכטס זאל זיך פארשפרייטן ווייטער — אנשטאט דעם ווארפט מען מיט א לייכטן הארצן אין אפּגרונט אריין [אלץ איז, ווי אנגעמאסטען דערצו] ניט נאר דעם ארעסטאנט, נאר אויך זיין גאנצע פאמיליע. דאס שטראף־הויז פאר זיך, איז אן ערשט־קלאסיקער קרימינעלער מגפה־נעסט [אָנקלעפּנעסט], אלע חסרונות און שלעכטע רגילותן פון די דאזיקע שוואכע, געפּלאָגטע, געטראָטענע און רעכטלויזע באשעפענישן וואקסן זיך דא פאנאנדער ווי אף א מיסט־בייט [טעלער־לעקעריי, הינטער־פיסלעך, מסירה, אומצוטרוי, קנאה, ליגנס]; יעדע ענערגיע צעברעכט מען אדער, אין בעסטן פאל, טעמפּט מען דאָ אָפּ — אנשטאט געניט ארויפצופירן אפ׳ן דרך הישר די, וואס זיינען אוועק אף א קרומען וועג! מיט אלע כוחות ברענט מען דאָ אויס, ראָט מען אויס יעדע איניציאטיווע: מען באגייט זיך מיט די ארעסטאנטן און מען געוואוינט זיי צו צו זיין א געצייג אָן ווילן אין די הענט פון אן אויבערשטער

מאכט, פון די באאמטע — און אָן קיין שום זעלבסט־באשטימונג.

און בכלל איז דאָ אלצדינג, ווי אנגעמאסטען צו מאכן די דאזיקע אומגליקליכע מענטשן — נאך דער באפרייאונג — אפהענטיק און אומפעאיק אינ׳ם קאמף פאר׳ן קיום, אנשטאט זיי צו מאכן שטארק און קרעפטיק.

אזוי בלייבן אלע פרווון צו „רעסאָציאליזירן" דאס פארברעכן דורך דעם ארעסט — ניט נאר אן אומפראָדוקטיווע ארבעט, וואס האט ניט קיין שום אויסקוק אף ערפאלג, ניט נאר לכתחילה אן אומזיסטער קאמף, אן אמתע סיזיפו׳ס־ארבעט און, אין בעסטן פאל, א פרומער וואונטש פון „הומאנע" פאנטאזיאָרן — די דאזיקע פרווון בלייבן דער פראטאטיפ פון א circulus viciosus: ניט נאר זיי דערגרייכן ניט, אז דאס שלעכטס, וואס דארף ווערן באזייטיקט, זאל טאקע ווערן באזייטיקט אדער כאָטש פארמינערט — פארקערט, עס ווערט נאך אלץ פארגרעסערט און אריבערגע־טראגן פון די שולדיקע אף די אומשולדיקע: זיי פארזינקען אין א גרעסערן דלות און א פאראכטונג, אלץ לייכטער ווערן זיי קרבנות ניט נאר פונ׳ם גוף ־ אונטערגאנג און פון א גייסטיק ־ מאראלישער צעטרייסלונג, נאר אויך פונ׳ם פארברעכן און פון דער פראסטיטוציע. דאס פארברעכן, ווי א סאָציאלע ערשיינונג, קאן ניט באקעמפט ווערן איזאָלירט, נאר דווקא אין צוזאמענהאנג מיט׳ן גאנצן סכום פון יענע סאָציאלע שייכות׳ן, פון וועלכע עס איז ארויסגעוואקסן און וואקסט נאך אלץ ארויס — ווי אייטער פון א געשוויר אין דעם געזעלשאפטליכן געביי — און באַ־קעמפט קאן עס ווערן נאר מיט סאציאלע מיטלען: דורך דעם, וואס מען וועט באַזייטיקן זיינע סיבות, פארשטאָפּן זיינע קוואלן, דורכ׳ן קאמף מיט׳ן דלות אין אלע פארמען, מיט דער עם ־ הארצות און מיט דער פארוואָרלאזונג, דורך דעם, וואס מען וועט פארגרעסרן די זעלבשטענדיקייט, די פרייע ענערגיע און דעם אפענעם זעלבסט־געפיל.

דערביי איז נויטיק צו זאגן, אז די גאנצע דערציאונג און די פּסיכיש־גייסטיקע השפעה קאן נאר דעמאלט געבן אן ערנסטן און א בלייבנדיקן רעזולטאט, ווען ס׳וועלן געשאפן ווערן די גע־העריקע סאציאלע פאָר־הנחות.

קארל ליבקנעכט׳ס לעצטער צעטל.

בערלין דעם 19. 1. 10.

טייערסטע !

כ׳האף, אז איר זייט געזונט און איר דאגהעט ניט וועגן מיר. איר וועט מיך אינגיכן זען און האבן יעדן טאָג ידיעות, העלמי איז היינט אינדערפרי ניט געווען אינדערהיים ? איך קוש דיך א סך מאל און נעם דיך ארום, טייערסטע.

דיין קארל.

איך קוש די קינדער, א סך גערוסן פאר אלעמען, אויך פאר הילמע׳ן.

# קארל ליבקנעכט,
## דער פראלעטארישער פירער

פון

**א. ווילענטשוק**

„Ich liebe . . . die, welche wie schwere Tropfen
sind, einzeln fallend aus der dunklen Wolke,
die über den Menschen hängt:
sie verkünden, dass der Blitz kommt, und
gehn als Verkünder Zugrunde“

Nietzsche, Zarathustra I. 4.

צוויי יאר זיינען ערשט פארביי פון יענער נאכט, ווען די געדונגענע מערדער פון דער דייטשער „דעמאקראטיע“ האבן ארויסגעריסן בא דעם רעוואלוציאנערן וועלט־פראלעטאריאט ק א ר ל ל י ב ק נ ע כ ט ן. פאר די צוויי יאר האט די דייטשע רעוואלוציע דורכגעמאכט א גאנצע ריי פאזיסן. ווי איטליכע פראלעטארישע רעוואלוציע „ק ר י ט י ק י ר ט זי זיך כסדר איינער אליין, זי האקט זיך אפ אינמיטן, אין פלוג דאכט זיך, אז זי קערט זיך צוריק צו איר אויסגאנגס־פונקט — זי הייבט אן ווידער פון סאמען אנהייב . . . ביז עס שאפט זיך יענע סיטואציע, וואס שליסט שוין אויס יעדן צוריק: בעת די פארהעלטנישן אליין שרייען ארויס אפ׳ן קול:

Hic Rhodus, hic salta!

את דא איז די רויז, את דא מוזטו טאנצן!“ (Marx: Der 18. Brumaire)

ביז צו דעם דאזיקן „טאנץ“ איז נאך דערווייל ווייט. דער דייטשער ארבעטער שטייט נאך אין סאמען קאמף, און ס׳איז נאך שווער צו שרייבן אפילו די געשיכטע פון זיינע ערשטע רעוואלוציאנערע טריט. אבער שוין איצט איז אינגאנצן קלאר די ר י ז י ק ע ר א ל ע, וואס קארל ליבקנעכטס פערזענליכקייט האט געהאט געשפילט אין דער הכנה און אין דעם פראצעס פון דער לעצטער שטורמישער מאסן־באוועגונג אין דייטשלאנד און אין דער גאנצער וועלט.

מיט את דער ראלע: מיט ליבקנעכטן, דעם פ י ר ע ר פ ו ן ד ע ר א ר ב ע ט ע ר ש א פ ט אינ׳ם קאמף פאר איר גייסטיקער און עקאנאמישער באפרייאונג, וויל איך באקענען דעם יידישען לעזער.

דא האנדעלט זיך נ י ט — אין דער ערשטער שורה — וועגן קארל ליבקנעכט׳ן, דעם מ ע נ ט ש.

ס׳איז נאך צו פרי צו שרייבן ק׳ ליבקנעכטס ביאגראפיע; אבער אפילו זיין בעסטע און פולסטע ביאגראפיע וועט אונז קיינמאל ניט זאגן דאס, וואס מיר פילן ארויס פון יעדער שורה אין זיינע בריוו, אין אט די „בריוו פון פראנט און פון תפיסה", וואס ער האט געשריבן צו זיינע סאמע נאענטע און סאמע געליבטע, האט איר פאר זיך ליבקנעכטן אינגאנצן: ליבקנעכטן אין די סאמע אינטימע ווינקלען פון זיין ליכטיקער נשמה, איטליכס ווארט פאר זיך רעדט דא אזוי צארט, אזוי לויטער און, אין דער זעלביקער צייט, אזוי אינטענסיוו — אז פארטייטשן עס וואלט געהייסן פארשוועכן איינעם פון די הייליקסטע „מענטשליכע דאקומענטען" פון דער מאדערנער וועלט־געשיכטע. —

קודם כל אינטערעסירט אונז דא, ווי אזוי האט די נשמה פון אט דעם גרויסן יחיד געווירקט אף דער נשמה פונ׳ם ארבעטער־כלל, ווי אזוי האט דער כלל געווירקט אף אים, און ווי איז אינ׳ם פראצעס פון דער דאזיקער קעגנזייטיקער ווירקונג ארויסגעוואקסן די העראאישע וועלט־געשיכטליכע פיגור פון דעם פראלעטארישען פירער קארל ליבקנעכט.

* * *

„מאסן־פירער פאלן ניט פון הימל אף דער ערד, זיי וואקסן ארויס פון דער ערד אין די הימלען אריין!" אויב מען וויל אפשאצן א מאסן־פירער, אויב מען וויל פארשטיין זיין היסטארישן זין, דארף מען תמיד האלטן אין אויג די „ערד", פון וואנען ער שטאמט, די היסטארישע אטמאספערע אין וועלכער ער וואקסט זיך פאנאנדער.

רעדט מען וועגן קארל ליבקנעכטן און דער׳מאנט מען זיך אין דער דייטשער „ערד" און דער דייטשער „אטמאספערע" — פאר די לעצטע 25-20 יאר — באמערקט מען תיכף, אז מען האט דא צו טון מיט אן אויסטערלישער ערשיינונג, וועלכע נויטיקט זיך אין א גענויערער סאציאל־פסיכאלאגישער ערקלערונג.

דייטשלאנד, אפילו דאס בורזשואזע דייטשלאנד, האט זיך קיינמאל ניט אויסגעצייכנט מיט א גרויסן עשירות אין פאליטיש־פירנדיקע קעפ. ס׳איז נאך אפשר ניטא אין גאנץ מערב־אייראפע א פאליטיש־

אומפּאַיקערע מאַסע ווי דער דורכשניטליכער דייטשער בירגער. ס׳איז שווער געווען צו געפינען אַ „פאָלקס״־פאָרטרעטונג, וואָס זאָל זיין אַזוי גרוי, אַזוי איינטאָניק, אַזוי פּאָליטיש־נישטיק, ווי דער אַלטער דייטשער [און אפשר, ווי דער נייער אויך] רייכסטאַג. אין אַ ביטערער שעה האָבן זיך באַ ווילהעלם ליבקנעכטן אַרויסגעריסן די בייזע ווערטער: „איך האָב ניט מורא פאַר דער רעאַקציע ... מיך כאַפּט אָבער אַן עקל פון דער לאַקייאישקייט פון׳ם דייטשען שמשים־פאָלק, וואָס מאַכט שוין פאַר איבעריק יעדע רעאַקציע פון אויבן״. מיט די דאָזיקע רייד איז דער אַלטער ליבקנעכט געווען אויסן ניט נאָר דעם דייטשן בורזשואַ — דער פּאָליטישער דלות און די פּאָליטישע מיטלמאַסיקייט איז אין דייטשלאַנד אַ מכת מדינה, וואָס האָט אין גרויסער מאָס כולל געווען דעם פּראָלעטאַריאַט אויך. אמת, די אַלטע דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט טאַקע געהאַט אַרויסגעריקט אַזוינע אויסערגעוויינטליך פּאָליטיש־באַגאַבטע פּערזענליכקייטן ווי בעבעל. אָבער וואָס איז אייגנטליך געווען אויגוסט בעבעל, באַזונדערס אין די עלטערע יאָרן? ער איז געווען דער גלענצנדסטער פּאָרטרעטער פון יענעם מין פירער, וועלכן די האָלענדישע פּאָעטעסע און קאָמוניסטישע טוערין ראָלאַנד־האָלסט באַצייכנט אַלס „פירער פון׳ם גרויסן דורכשניט״. אויגוסט בעבעל האָט אין די עלטערע יאָרן — דאָס איז שוין איצט אַן אָפענער סוד — ניט געפירט דעם דייטשן פּראָלעטאַריאַט. ער [בעבעל] איז מיט אים מיטגעגאַנגען: אַ דאַנק זיין גוואַלטיקער פּאָליטישער אינטואיציע, האָט ער תמיד געשפּירט דעם פּאָליטישן דופק פון׳ם דורכשניטליכן אַרבעטער און אין׳ם געהעריקן מאָמענט האָט ער דעם דאָזיקן דופק געקאַנט געבן אַ קלאָרע פּאָליטישע פאָרמולירונג. דער טיפּ אַרבעטער־פירער איז פּרינציפּיעל ניט געווען פאַר דייטשלאַנד עפּעס אַזוינס, וואָס גייט ניט אַריין אין די „נאָרמאַלע״ ראַמען פון דער אַלטער דייטשער אַרבעטער־באַוועגונג.

ליבקנעכט איז אָבער דורך־ און־ דורך אַ פּראָטעסט קעגן דער דאָזיקער „נאָרמאַלקייט״. מיר שטויסן זיך דאָ אָן אויף אַ נייעם [פאַר דייטשלאַנד] טיפּ פירער. מיר האָבן דאָ צו טון מיט אַ רעוואָלוציאָנערן פירער אין טיפסטן פּסיכאָלאָגישן זין פון וואָרט, מיט אַ פירער, וואָס געהערט אינגאַנצן צו דעם „צוקונפט־טיפּ״. [אַ טערמין, וואָס איז אַריינגעפירט פון דערזועלבער ראָלאַנד־האָלסט].

דער „צוקונפט־פירער" שטייט אלעמאל בראש פון א מינדער־הייט. זיין השפעה נעמט זיך ניט פון דעם, וואס ער געפינט די געהעריקע פאליטישע פארמעל פאר די ווילנס־אנטפלעקונגען פון דער מאסע, וואס זיינען שוין איצט אקטועל. ער איז דער טרעגער פון יענע ריין־„פאטענציעלע־טענדענצן", וואס בשעת ער טרעט ארויס, שפירן עס און פארשטייען עס — אין די מאסן — נאר יחידים. זיי, אט די יחידי־סגולה גייען נאך אים. — דער „גרויסער דורכשניט" שפירט פאר אים נאר א ריין מאראלישן אפשיי. פראקטיש באגנוגנט זיך „דער דורכשניט" מיט דעם דאזיקן אפשיי.

נאכדעם ווי מיר האבן זיך באקענט מיט די צוויי טיפן פון מאסן־פירער: מיט דעם פירער „פונ'ם גרויסן דורכשניט" און מיט דעם „צוקונפט־טיפ פון דער מינדערהייט", פאלט אונז אויף, אז אין געוויסע לענדער דאָמינירט אין יעדן היסטאריש־געגעבענעם פעריאד איינער פון די דאזיקע צוויי טיפן. מיר דארפן אויסקלייבן אזוינע לענדער און אזוינע פעריאדן, וואו איט־ליכער פון די דאזיקע טיפן אנטפלעקט זיך אין זיין ריינסטער פארם; נאר אזוי וועלן פאר אונז ווערן קלאר, ערשטנס, די געזעצן, וואס בינדן בכלל צונויף יעדן פירער מיט זיין „ערד" און צווייטנס — דאס וואס אינטערעסירט אונז אין דער ערשטער שורה — די סאציאל־פסיכאלאגישע יסודות פון קארל ליבקנעכטס פערזענליכקייט.

קלאסישע לענדער פון די צוויי אנגעמערקטע טיפן ארבעטער־פירער זיינען דייטשלאנד און רוסלאנד — פאר די לעצטע 20־25 יאר.* רוסלאנד האט פאר די לעצטע 25־30 יאר געגעבן דעם ארבעטער־אינטערנאציאנאל — דער־עיקר — „צוקונפטס־פירער" דייטשלאנד — „דורכשניטס־פירער".

און די סיבה פון דעם דארף מען קודם כל זוכען אין דעם עקאנאמישן אנטוויקלונגס־גאנג פון דיביידע לענדער.

* פארשטייט זיך, אז בעת מיר וועלן זאגן, אז דייטשלאנד איז דאס טיפישע לאנד פונ'ם „דורכשניט־פירער" און רוסלאנד איז דאס לאנד פונ'ם צוקונפטס־פירער, איז עס ניט מער ווי א סכעמע: א סך ערשיינונגען, וועלכע עס דאכטן זיך אויס פאר טיפיש־רוסיש טרעפן מיר אין אונגארן, איטאליע, אין די באלקאן־לענדער א. א. וו. דאס וואס מיר האלטן טיפיש פאר דייטשלאנד איז, ערשטנס, טיפיש פאר דער איבעריקער מערב־אייראפע און טייל־ווייז פאר רוסלאנד אויך.

אין דייטשלאנד [און ווייטער אף מערב] האט אין משך פון הונדערטער יארן דער בורזשואזער פראדוציר־שטייגער און דאס גייסטיקע שאפן פונ׳ם בירגערטום אין א גרויסער מאס באהערשט די פסיכיק פון די ברייטסטע מאסן· עקאנאמיש באהערשנדיק די שטאט און דעם דארף· האט דער קאפיטאליזם פאר׳ן 19 יארהונדערט פארשטארקט און פארפיינערט זיין קולטור; דורך זיין שול· דורך זיין קירך· דורך זיין פרעסע און מיט אלע איבעריקע גייסטיקע און ניט גייסטיקע פראפאגאנדע־מיטלען האט ער אריינגעצויגן אינ׳ם קרייז פון זיין השפעה אויך דעם שטאטישן פראלעטאריאט· די פרידליכע „ארגאנישע״ אנטוויקלונג פון דייטשלאנד נאך דער פרייסיש־פראנצויזישער מלחמה· דער גוואלטיקער וואוקס פון דער דייטשער אינדוסטריע· וואס האט געגעבן דער דייטשער בורזשואזיע א מיגליכקייט צו קארומפירן די אויבערשטע שיכטן פון דער ארבעטערשאפט — אט דאס אלץ האט נאך פארשטארקט די „באלעבאטישע״ טענדענצן אין דעם דייטשן פראלעטאריאט און צוגעגעבן זיין סאציאליזם די ספעציפישע באפארבונג פונ׳ם „זויערן ארבעטער־גראשן״·

פון דער אנדער זייט· זיינען גענוג באקאנט דער פאקט און די סיבות פונ׳ם הערָאיש־רעוואלוציאנערן כאראקטער פון דער רוסלענדישער ארבעטער־באוועגונג פאר די לעצטע 20־30 יאר·

און נאך א זאך· און דאס איז באזונדערס וויכטיק·

רעדט מען וועגן פסיכאלאגישן פרצוף פון אן ארבעטער פירער· דארף מען תמיד האבן אין זינען דעם כאראקטער פון יענער סביבה· פון וואנען ער שטאמט [אדער צו וועלכן ער דערהויבט זיך]· און דער דאזיקער קאנטיגענט איז און וועט נאך בלייבן אף לאנגע יארן · · · דער גייסטיקער פראלעטאריאט· די אינטעליגענץ· *

פארגלייכט ווידער דייטשלאנד און רוסלאנד·

---

* כדי דאס ארויסצוזאגן דארף מען גאר ניט כופר זיין אין קיין שום מארקסיסטישן עיקר. אט וואס לענין האט געשריבן אין 1902־טן יאר [בעת אפילו אזא מאַנאַפּיליסט אף מארקסיסטישע תורה· ווי מאַרטאָוו· איז מיט אים געווען מסכים]:

„דער סאציאליסטישער באוואוסטזיין ווערט אריינגעטראגן פון אויסן · · · מיט די אייגענע כוחות קאן זיך בא דעם ארבעטער־קלאס העכסטענס אויסארבעטן א טרעד־יוניאניסטישער באוואוסטזיין · · ·

· · · די סאציאליסטישע לערע איז ארויסגעוואַקסן פון יענע פילאסאפישע היסטארישע און עקאנאמישע טעאריעס· וועלכע ס׳האט אויסגעארבעט · · · די „אינטעליגענץ״ Ленин что делать? געזאמלטע ווערק· ארויסגעגעבן פון פעטערבורגער אַרבעטער ראט· [ז· 219 ב I 1919.]

ס׳איז דאך ניט קיין צופאל, אז דאס ווארט: „אינטעליגענט" ווי דאס ווערט פארשטאנען אין רוסלאנד, איז ניט בנמצא אינ׳ם דייטשן [און מערב־אייראפעאישען] לעקסיקאן. דער דייטשער באגריף: „אינטעלעקטועלער" דעקט זיך דאך ניט מיט דעם רוסישן באגריף: „אינטעליגענט". אף רוסיש פארשטייט מען דאך ניט אין דעם טאג־טעגליכן געברויך אונטער דעם ווארט — א געוויסע פראפעסיאנעלע קאטעגאריע. [ווער קאן דאס ארויסגעפינען בא א רוסלענדישן אינטעליגענט זיין פראפעסיע? ער פארנעמט זיך מיט וואס עס מאכט זיך...] אונטער דעם ווארט אינטעליגענט פארשטייט מען אין רוסלאנד קודם כל א ריין פסיכאלאגישע קאטעגאריע מענטשן, וואס צייכנען זיך אויס אין זייער וועלט־אנשויאונג מיט א ראדיקאליזם און אפילו מיט באשטימטע סאציאליסטישע „נטיות". וואס פאר א ווערט די דאזיקע „סימפאטיעס" האבן [דער סאבאטאזש נאך דער אקטאבער־רעוואלוציע א. אז. וו.], איז צו אונזער ענין ניט שייך. אפילו בא דער גרעסטער אינטעליגענטן־פרעסעריי [וואס איז אין דער שטארקסטער מאס בארעכטיקט], מוז מען דאך מודה זיין, אז דער רוסישער גייסטיקער פראלעטאריאט האט פארט ניט פסיכאלאגיש קיין צו שטארקע בירגערליכע טראדיציעס — אין דער זעלבער צייט, וואס זיין דייטשער [און בכלל מערב־אייראפעאישער] ברודער געהערט פסיכאלאגיש אינגאנצן צו דער בורזשואזיע: רוסלאנד האט ניט געהאט יענעם געזעלשאפטליכן קלאס פונ׳ם שטאטישן קליין־בירגער, וואס ער איז דער שעפער און דער טרעגער פון דער דייטשער קולטור. פון דעם דאזיקן קרייז האט אין א גרויסער מאס געצויגן זיין יניקה דער אלטער דייטשער ארבעטער־פירער...

די דאזיקע אנטקעגנשטעלונגען מאכן אונז פארשטענדליך: ערשטנס, פארוואס האט פון די רייען פון דער אלטער דייטשער סאציאל דעמאקראטיע געקאנט ארויסגיין דער גאליפע פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע: דער „ארבעטער" נאסקע — בעת פון די רייען פון דעם רוסישן סאציאליזם איז ארויס דער אינטעליגענט לענין, דער אנערקענטער פירער פון דער פראלעטארישער וועלט־רעוואלוציע. אין די דאזיקע צוויי עקסטרעמען זיינען סימבאליזירט און דערפירט ביז׳ן לאגישן סוף צוויי טיפן פון ארבעטער־פירער — צוויי וועלטן.




קארל ליבקנעכט אפ׳ן טויטן־בעט.

צווייטנס, ווערט אונז קלאר, פארוואס האט נאך ביז ניט לאנג די דייטשע ארבעטערשאפט ניט געקאנט ארויסרוקן קיין ארבע־טער־פירער, וואס זאלן געהערן צום „צוקונפט־טיפ": יעדע ארבע־טער־באוועגונג שאפט זיך אין יעדער היסטאריש־באשטימטער עפאכע אזוינע פירער, ווי זי פארדינט עס אליינער־אליין.

א קארל ליבקנעכט'ן דארף מען היסטאריש פארדינען.

און פארדינט האט אים דער אוואנגארד פונ'ם דייטשן פרא־לעטאריאט — קארל ליבקנעכט איז א פראדוקט פונ'ם נייעם רעוואַ־לוציאנערן פאזיס, אין וועלכן דייטשלאנד איז אריינגעטראטן צוזאמען מיט דער גאנצער אייראפעאיש־אמעריקאנישער וועלט. דער דאזיקער פאזיס האט אומברחמנותדיק צעשמעטערט די אידעאלאגיע פונ'ם „גרויסן דורכשניט" און זיינע חלומות וועגן א שטילער „באלעבאטישער" אנטוויקלונג. „רעוואלוציעס זיינען לאקאמאטיוון פון דער געשיכטע!", אלץ איז אוועק מיט א שטורמישן טעמפ. דער סאציאלער באדן איז אויפגעטרייסלט געווארן ביז די טיפסטע טיפענישן. אף דער סצענע זייען ארויס די ברייטסטע פאלקס־מאסן. בא אזא היסטארישן יום־טוב פון אלע אונטערדריקטע, קאן די מאסע באווייזן וואונדערן. אין אזוינע צייטן שאפט זי פירער, וואס שטעלן פאר איר ברייטע, דרייסטע אויפגאבן, — פירער־לייכטורעמס, וואס ווייזן איר דעם קירצסטן און גראדסטן וועג צום ענדגילטיקן נצחון.

אין אזא צייט איז ארויס אף דער היסטארישער ארענע קארל ליבקנעכט... אונטער דער דאזיקער היסטארישער פערעספעקטיווע ווערט פאר אונז קארל ליבקנעכטס קעמפער־לעבן און זיין מארטירער־טויט איין גרויסע הכנה צו דעם אנהייב פונ'ם בורזשואזן סוף, צו יענעם מאמענט פון דער וועלט־קאטאסטראפע, וואס איר פלאם האט אויסגעשמידט פון ליבקנעכטן דעם שופר און דעם משיח פון דער סאציאלער רעוואלוציע.

* * *

קארל ליבקנעכט איז ווילהעלם ליבקנעכטס א זון. אלץ זאגט עס ניט, אבער א סך — יא! —

ווילהעלם ליבקנעכט איז געווען דער פאקטישער גרינדער פון

דער ארגאניזירטער דייטשער ארבעטער־באוועגונג, קורט אייסנער*
„דער אפאסטאל מיט די וועלט־קלוגע און וועלט־גוטע אויגן", איז
געוועזן א תלמיד און א גוטער פריינט פונ'ם אלטן ליבקנעכט. אין
זיין אויסגעצייכנטער ביאגראפיע פון ווי. ל. ** כאראקטעריזירט
קורט אייסנער דאס לעבן פונ'ם אלטן „רעוואלוציאנערן סאלדאט"
אזוי: „אין יענע משוגענע יארן (די רעוואלוציע פון 1848 — א. ווי.)
דער רעוואלוציאנערער פארטיזאן, וואס איז געשטאנען פאר'ן פעלד־
געריכט, אין 1870 — דער מלוכה־פארעטער, וואס איז געשטאנען
כמעט איינער־אליין אנטקעגן א וועלט פון צעווילדעוועטע פאטריאטן,
אין 1878 דער „פארברעכער אוז מערדער . . . דער העצער, דער
נארישער פאנטאסט, דער „עובר בטלער דאקטרינער", דער מענטש, וואס
איז 60 חדשים פון זיין לעבן אפגעזעסן אין תפיסות (אין די אלטע גוטע
צייטן איז עס פאר דייטשלאנד געווען אן אייביקייט! — א. ווי.). דער
מענטש, וואס האט קיינמאל ניט געוואוסט פון קיין גוטן טאג — אט
דער „פארהאסטער" פאליטיקער, אגיטאטאר, זשורנאליסט. . . איז גע־
שטארבן אלס דער סאמער גליקליכער, סאמער גע־
ליבטער פראלעטארישער פירער. . ."

די ראמען פונ'ם נאכווארט צווינגען אונז זיך אפצושטעלן
נאר אף יענע אפגעריסענע פאקטן פון דעם דאזיקן אינהאלטס־
רייכן לעבן, וועלכע זיינען אומבאדינגט נויטיק, כדי צו פארשטיין, ווי
אזוי עס האבן זיך אויסגעארבעט די הויפט־עלעמענטן פון קאר'ל
ליבקנעכטס כאראקטער.

ווילהעלם ליבקנעכט איז געבארן געווא'ן אין 1826 יאר אין
גיסען. צו יענער צייט איז גיסען געווען א קליין אוניווערסיטעט־שטעטל
פון פראפעסארן און באאמטע. ליבקנעכטס אבות, וואס פירן זייער
יחוס פון ליוטער'ן זיינען אויך געווען א פאמיליע פון געלערנטע
און באאמטע. ***

* דער ערשטער רעוואליוציאנערער מיניסטער־פרעזידענט פון בייערן. ער איז דער־
שאסן געווארן פון א דייטש־נאציאנאַרן „העלד" —איין חודש נאך קארל ליבקנעכטן.

** פון דעם דאזיקן בוך האב איך ארויסגענומען אלץ, וואס האט א שייכות צו ווי. ל.

*** קארל ליבקנעכטס עלטער־עלטער־זיידע, פראפעסאר יאָהאן־געארג ליבקנעכט,
— א רעקטאר פון גיסענער או.־יוועוורסיטעט—איז געווען איינער פון די בעסטע און אלזייטיקסטע
געלערנטע פון זיין צייט. ער איז געווען א גוטער פריינט פון לייבניצן. ער האט איבער־
געלאזן א סך ווערק אפ'ן געביט פון טעאלאגיע, מאטעמאטיק, פיזיק, אסטראנאמיע און
געאגראפיע.

אין די דרייסיקער יארן פונ׳ם 19־טן יארהונדערט פארשפרייט מען אין דער געגנט ארום גיסען די ערשטע סאציאליסטיש־פויערשע פראקלאמאציע, די אויטארן פון דער דאזיקער פראקלאמאציע זיינען געווען: דער יונגער רעוואלוציאנערער דיכטער געארג ביוכנער און דער פאסטאר ווײדיג פון בוצבאך. דער דאזיקער שטילער פאסטאר ווײדיג איז געווען ווילהעלם ליבקנעכטס א נאענטער קרוב. דעם פאסטאר האט מען ארעסטירט. „א משוגענער אונטערזוכונגס־ריכטער האט דורך שרעקליכע יסורים געבראכן די ווידערשטאנדס־קראפט פונ׳ם פאסטאר; אין דער תפיסה האט ווײדיג גפרוווט זיך נעמען דאס לעבן. א געדונגענער מערדער האט איין פרימארגן פארענדיקט דעם דאזיקן פרווו... אין ווײדיגס נאמען, לעבט אויף די בלוטיקע טראגעדיע, וואס האט געמאכט א שווערן רושם אף דעם יונגן ווילהעלם ליבקנעכט..."

ווילהעלם ליבקנעכט שטודירט אין די דייטשע אוניווערסיטעטן ער גרייט זיך צו א דאצענטור אבער... „זיינע עקזאמענס גיט ער אפ אין די באדישע אויפשטאנדן (1848) און אינ׳ם גלות־שווייץ." (מערינג)

צו דער צייט פון דער רעוואלוציע (1848) געפינען מיר אים שוין אין דער שווייץ. ער לערנט זיך און ארבעט, אלס לערער, אין דער מוסטער־שול פון דעם בארימטן פעדאגאג פרעבעל (אפילו אין די עלטערע יארן פלעגט ווילהעלם ל. תמיד זאגן, אז אייגנטליך איז ער געבארן געווארן צו זיין א לערער, נאר...), זיין פרנסה איז געווען — שוס־טעריי. — ווי נאר ס׳האט אויסגעבראכן די רעוואלוציע, ווארפט ער אוועק די ביכער, די תלמידים און די... שיך און לויפט אוועק קיין פאריס, דעם דעמאלטיקן צענטער פון דער רעוואלוציאנערער וועלט. ער טרעט אריין אין א לעגיאן, וואס דארף „אריבערטראגן" די רעוואלוציע קיין דייטשלאנד. דער דאזיקער ערשטער רעוואלוציאנער־ראמאנטישער „ארויספאר" פארענדיקט זיך דערמיט, אז דעם 22 יאריקן ווילהעלם האט מען ארעסטירט מען אינקרימנירט אים מלוכה־פאראט און א חוץ דעם ניט מער און ניט ווייניקער, ווי נאך 15 עבירות קעגן דעם שטראף־געזעצבוך, וואס פאר איטליכער פון זיי קומט טויט־שטראף. — דער „רעוואלוציאנערער" עולם פון פרייבורג רייסט זיך אריין אין זאל פונ׳ם געריכט און באפרייט אים... ער נעמט זיך ווייטער צו זיינע לעגיאנען. אין פרייבורג ווערט ער א ציוויל־קאָמיסאר, א זשורנאליסט, א באמבארדיר

אין א באטאריי א. א. וו. . . ער ווערט ווידער ארעסטירט, ווידער באפרייט, אנטלויפט קיין פראנקרייך, פון דארטן ווידער אין די שווייץ. . .

אזוי ראמאנטיש גייט בא אים אוועק דער „משוגענער יאר."

אין די פופציקער יארן געפינען מיר אים שוין אין לאנדאן, אין דער סביבה פון קארל מארקס'ן און ענגעלסן. ער ארבעט אין בריטאנישן מוזיי און שטייט די גאנצע צייט אין דעם נאענטסטן קאנטאקט מיט דער דייטשער ארבעטער־באוועגונג. נאך דעם 13־יאריקן גלות־לאנדאן, קערט ער זיך צוריק אום קיין דייטשלאנד. אין נארד־דייטשן פארלאמענט קעמפט ער קעגן די פרייסישע דיקטאטור און די גאנצע פויסט־סיסטעם פונ'ם „אייזערנעם קאנצלער". פון דער אנדער זייט טרעט ער צו צו דער פאליטישער ארגאניזאציע פון דער דייטשער ארבעטערשאפט אפן ריין מארקסיסטישן באדן* . . .

עס קומט אן די פראנצויזיש־פרייסישע מלחמה.

אפ'ן צוזאמענפאר פון די דייטשע ארבעטער פאראיינען (אזוי אנגערופענע „אייזנאכער" — מארקסיסטישע ריכטונג) אין ניורנבערג טראגט ער אריין ערב דער מלחמה זיין בארימטע אַנטי־מלחמה רעזאלוציע:

„. . . יעדע מפלה פונ'ם נאפאלעאנישן צעזאריזם איז א נצחון פונ'ם פראנצויזישן פאלק, יעדע מפלה פון ביסמארקס צעזאריזם איז א נצחון פון דייטשן פאלק. . . ערפילט אייער חוב, און די מלחמה צווישן די צעזארן וועט פארוואנדלט ווערן אין א יום־טוב פון די פעלקער!" . . .

די מלחמה האט אויסגעבראכן. ווילהעלם ליבקנעכט — צוזאמען מיט זיין תלמיד בעבעלן — זאגט זיך אפ אינ'ם פארלאמענט צו שטימען פאר די מלחמה־קרעדיטן. (די לאסאליאנער שטימען פאר די קרעדיטן). ס'איז שווער צו באשרייבן, ווי אזוי ד'ער דאזיקער אפזאג האט געווירקט אף די „פאלקס"־פארטרעטער: מען האט געפייפט, געשריען, געוועלט אראפרייסן, מען האט אים שיר ניט געשלאגן. אים און בעבלן האט מען געהאלטן פאר פראנצויזישע אגענטן. איין קליינער עפיזאד כאראקטעריזירט זיין לאגע אין פארלאמענט. בעת ער האט נאך די גרויסע דייטשע נצחונות, דעם 26־טן נאוועמבער, ווידער מאטיווירט אין פארלאמענט זיין אפזאג צו שטימען פאר די קרעדיטן

* אלס קעגנזאץ צו דער "ברייטער" אגיטאציע און ארגאניזיר־טעטיקייט פון לאסאל'ן.

און געזאגט אין זיין רעדע, אז די פראנצויזן זיינען א ברודער־פאלק — האט מען אים אנגעהויבן צו שרייען: „דאס זיינען אייערע ברידער!" ווילהעלם ליבקנעכט ענטפערט אפ׳ן ארט: „ס׳פארשאפט מיר מער כבוד צו זיין א ברודער פונ׳ם פראנצויזישן פאלק און פון פראנצויזישן ארבעטער, איידער צו זיין א גוטער ברודער מיט דעם פארברעכער אף ווילהעלמס — העהע!" בא די ווערטער איז געווארן אזא סקאנדאל, אז די סטענאגראפיסטן האבן ניט געקאנט פארשרייבן זיינע רייד...

פיל טראגישער איידער די דאזיקע פארלאמענטארישע „אומאנגענעמליכקייטן", איז פאר ליבקנעכטן געווען דאס, וואס די ארבעטערשאפט אליין האט אים ניט פארשטאנען, אט וואס ווילהעלם ליבקנעכט דערציילט וועגן יענע טעג:

„בעבעלס דירה איז געווען אין הויף: אפילו באטאג איז געווען שווער צוצוקומען צו אים... דאס רוב, האב איך געהאט אויסצושטיין אלע סקאנדאלן, גאנצע וואכן כסדר פלעגן מוזן שטיין ארבעטער און באוואכן מיין דירה... אין איין פיינעם פרימארגן איז עס געשען... און געווען זיינען עס ארבעטער, מיר „אייזנאכער" האבן געהאט א פארזאמלונג אין מזרח־טייל פון שטאט, (לייפציג — א. ו.) און די דאזיקע געלעגנהייט האבן טאקע אויסגענוצט עטליכע „לאסאליאנער", כדי אנצופאלן אף מיין דירה, וואס איז געלעגן אינ׳ם דרום־טייל פון שטאט. זיי האבן געמיינט, אז זיי קאנען זיך איצט נעמען צו דער ארבעט. און אין א געוויסער מאס האט זיך זיי דאס טאקע איינגעגעבן... זיי האבן געשליידערט גרויסע שטיינער אויסגעהאקט עטליכע שויבן. איין שטיין האט נאך א האר געשפאלטן דעם קאפ מיין עלטערן זון, וואס איז נאך דעמאלט געווען אן עופעלע..."

* * *

אין עטליכע חדשים ארום, דעם 13־טן אויגוסט 1871 איז געבארן געווארן קארל ליבקנעכט. בעת קארל איז נאך ניט געווען 5 חדשים אלט, האט מען זיין פאטער צוזאמען מיט בעבעל׳ן, און נאך עטליכע חברים ארעסטירט: מען האט זיי באשולדיקט אין מלוכה־פאראט. דער בארימטער לייפציגער פראצעס האט צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאמקייט פון דער גאנצער פאליטישער וועלט.

די „מלוכה־פארעטער" האט מען פארמשפט אף 2 יאר תפיסה.

בעת קארלען איז געווארן 7 יאר איז ארויס דער „סאציאליסטן־געזעץ", דער דאזיקער געזעץ איז געווען די תשובה פונ'ם „אייזערנעם קאנצלער" אפ'ן סטיכישן וואוקס פון דער דייטשער ארבעטער־באוועגונג: עס הויבן זיך אן די פארפאלגונגען פון ארבעטער־ארגאניזאציעס, עס ווערט חרוב די גאנצע ארבעטער־פרעסע, הונדערטער ארבעטער־פירער ווערן ארעסטירט און ארויסגעשיקט. ווילהעלם ליבקנעכט צוזאמען מיט בעבעלן „קלייבט זיך אריבער" קיין באָרסדאָרף, א קליין דערפל לעבן לייפציג. דער דאזיקער נייער „גלות" ציט זיך כמעט 10 יאר. ווי ליבקנעכט'ס פרוי בלייבט מיט די קינדער אין שטאט, אבער אלע יום־טובים און קאניקול־צייט פלעגט די מאמע מיט די קינדער אריבערפארן קיין בארסדארף צו דעם ל"וו'ניק פון דער „ווילא ליבקנעכט", צוזאמען מיט די ערשטע קינדער־איינדרוקן געהערט דער בארסדארפער פעריאד צו די שטארקסטע איבערלעבענישן פון קארל ליבקנעכטס יוגנט, וואס האבן, א פנים געהאט, די גרעסטע השפעה אף דער אנטוויקלונג פון זיין פערזענליכקייט. אין 40 — 35 יאר ארום רעדט ער נאך מיט דער גרעסטער התפעלות וועגן דעם דאזיקן דארף (זע דעם בריוו פונ'ם 15 — ז. 20). די „ווילא" איז באשטאנען פון 2 צימערן. „דאס איז געווען אין דערזעלבער צייט: דער ארבעט־צימער, דער בודואר די קיך, דער עס־צימער און דער סאלאן. . . די קינדער פלעגן שלאפן אף קאסטנס. דאס הויז איז געווען קאלט, און לעבעדיקע מייז האבן פארביטן די טויטע דעקאראציע פון מעבל. אז ס'פלעגן קומען געסט (און דער דאזיקער מין האט קיינמאל ניט אויסגעפעלט), פלעגן זיי זיך באזעצן אין אן אכסניא לעבן דער „ווילא"; דאָ קלייבן זיך צונויף די פארטיי־חברים פון לייפציג און סתם גוטע פריינט, וואס קומען פון דער גאנצער וועלט צו דעם בארסדארפער „מתבודד". פון דאנען האט מען ארגאניזירט דעם קאמף קעגן דעם „סאציאליסטן־געזעץ". דא איז מען זיך מיישב געווען, ווי אזוי מען פייפט אן די העלדישע פאליציי. ווער ס'האט נאר געדארפט אן עצה, ווער ס'האט זיך נאר געפונען אין א שווערן מצב — איטליכער פלעגט אויפזוכן ווילהעלם ליבנעכטן און ארויסלייגן, וואס ער האט אפ'ן הארצ'ן."

ניט געקוקט אפ'ן דלות, איז דא פאר די קינדער געווען א לע־בעדיקע וועלט. גאנצע טעג האבן זיי זיך דא געקאנט ארומטרייבן

איבער די פעלדער און די וועלדער. דא איז קארל „צונויפגעוואקסן מיט דער נאטור, וואס ער האט זי געזען ניט נאר בא׳ם „גיין שפא־צירן״, ניט נאר ווי א דאטשניק (זע דעם אויבן ציט. בריוו). דא האט זיך בא אים אויפגעוועקט יענע קינדערשע ליבשאפט צו יעדן גרעזל, צו יעדן בוים, צו יעדן פלאטערל, צו יעדן פויגל, צו יעדן שטערן אין הימל — יענער פאנטעאיסטישער נאטור־געפיל, וואס איז שוין בא אים געבליבן אפ׳ן גאנצן לעבן. דא האט ער זיך דערוואוסט „פון יענער ליבע, וואס איז שטארקער ווי דער טויט, וועלכע שטאמט פון דער נויט און פון די פארפאלגונגען, וואס ער האט איבערגעלעבט צוזאמען מיט זיינע עלטערן״ (זע דעם בריוו פון תפיסה 17. 1. 22) דא איז ער זיך „צונויפגעוואקסן מיט זיין טאטן״ און זיך אויסגעלערנט בא אים „פליען איבער דער וועלט פון גייסט״ (פון א בריוו צו העלמין). ער האט בא אים איבערגענומען די ליבע צו „יענע שטערנס פון דער קלאסישער ליטעראטור״, וואס האבן אים שפעטער געלויכטן אין דער תפיסה. דא האט ער זיך דערוואוסט „דאס דעמא־נישע, דאס טיף־מיסטישע, וואס ליגט אין דער מוזיק״, — דא האט ער געזען, ווי מענטשן „ווארפ׳ן זיך אריין מיט דער גאנצער נשמה אינ׳ם געוואלטיקן גערא־נגל פאר די העכערע אנטוויקלונג פון דער מענטש־הייט״ (דער בריוו פון 18. 3. 7). דא האט ער געירשנט זיין טאטן „דעם דערציילער פון מעשהלעך און הארטן קעמפער, דעם גלויביקן אפאסטאל פון קולטור־באגייסטערונג און דעם סאלדאט פון דער רעוואלוציע.״

* * *

אין דער שול איז דעם יונגן קארל ליבקנעכט צוליב זיין טאטן אויסגעקומען אויסצושטיין ניט ווייניקער צרות, ווי זיינע אייגענע קינדער שפעטער — צוליב אים. אלע אנפאלן האט ער אבער „אריבערגעטראגן מיט שטאלץ, מיט פאראכטונג און מיט מיטלייד״ (זע דעם בריוו פון פון 18. 5. 11). בשעת ער האט געהאט פארענדיקט די לייפציגער גימנאזיע, איז ער שוין געווען אזוי שטארק איבערצייגט אין זיין קו־מעדיקער סאציאליסטישער מיסיע, אז ער האט זיך געוואלט נעמען צו פאליטישע עקאנאמיע, „כדי״, ווי ער זאגט אליין, „צו פאר־טיידיקן דעם מארקסיזם״. ער קומט, אמת, אָן אפ׳ן יורידישן

פאקולטעט*: דאס איז א „ברייטער" פאקולטעט, וואס שטייט נאענט צו אלע געביטן, וואס אינטערעסירן אים; אבער די ריין עקאנאמישע שטודיען שטייען בא אים אפ'ן ערשטן ארט.** די סטודענטישע יארן פארברענגט דער יונגער ליבקנעכט אין לייפציג און אין בערלין. אין לייפציג טרעט ער אריין אין „די סאציאל-וויסעשאפטליכע סטודענטישע פאראייניגונג", און באזוכט מיט גרויס התמדה אלע פאליטישע פארזאמלונגען. אין 1891 קלייבט זיך אריבער די גאנצע פאמיליע קיין בערלין, וואו ווילהעלם ליבקנעכט נעמט איבער די רעדאקציע פונ'ם „פארווערטס", פון „דינט" קארל צוזאמען מיט זיין עלטערן ברודער טעאדאר. די 1893-94 צוויי יאר, וואס ער האט געהאט פארבראכט אין די פרייסישע קאזארמעס, האבן געשפילט א גרויסע ראלע אין זיין שפעטערדיקער אנטוויקלונג. אין „קיניגליכן ראק" האט קארל ליבקנעכט צום ערשטן מאל דערשמעקט די גאנצע פראכט פונ'ם פרייסישן פעלדפעבל-גייסט. דא זיינען אויפגעקומען די ערשטע קערנדלעך פון זיין אנטי-מיליטאריזם... ק. ליבקנעכט מאכט זיין דאקטאר-עקזאמען, קיין אין געריכט וויל ניט אננעמען צו זיך פאר א רעפעראנדאר דעם זון פון אזא „רויטן" טאטן. קארל ל. וויל זיך שוין בכלל אפזאגן פון דער אדוואקאטור. עס געפינט זיך אבער א ליבעראלער געריכטס-פרעזידענט, וואס נעמט אים צו צו זיך. ארבעטן קומט אים אויס, דאס רוב, אינ'ם וועסטפאלישן געביט.

אין 1899 באזעצט זיך שוין ליבקנעכט אין בערלין, מעשה אדוואקאט. א יאר שפעטער האט ער חתונה. (זיין ערשטע פרוי געב. פאראדיז, די מאמע פון זיינע 3 קינדער, איז פרי געשטארבן. אין 1912 יאר האט ער א צווייטן מאל חתונה מיט סאפיע ריס. פרוי סאפיע ליבקנעכט, צו וועלכער עס איז געשריבן דער גרעסטער טייל פון די

---

* בעת דער טאטע האט דערהערט פון קארלען, אז ער וויל אנקומען אפ'ן עקאנאמישן פאקולטעט, איז ער געווארן אן אויפגעקאכטער: „ווי אזוי קאן ער זיך דאס אפזאגן פון א גייסטיקער זעלבשטענדיקייט... און זאגן אף פארויס, אז ער וועט „פארטיידיקן" מארקס'ן."

** אין די שפעטערדיקע יארן האט זיך קארל ליבקנעכט שטענדיק אינטערעסירט מיט עקאנאמישע פראגן. און זיין אינטערעס איז ניט געווען בלויז דער אינטערעס פון א תלמיד. דער מארקסיזם איז פאר אים ניט געווען קיין פארשטיינערטע ד'אגמע, נאר א געניאלער מעטאד, וואס נויטיקט זיך אין א ווייטערדיקער אנטוויקלונג און קריטיק. אין זיין גרויסן ווערק „Die Bewegungsgesetze der gesellschaftl. Entwicklung" וואס ער האט אנגעשריבן פאר דער צייט פון דער לוקויער תפיסה, [דאס בוך ווערט צוגעגרייט צום דרוק — פעווראל 1921] פארנעמט אויך א גרויסן ארט א „פרווו פון א מארקס-קריטיק". דער דאזיקער טייל, וואס שטעלט מיט זיך פאר א ריי רויע נאטיצן, איז אפגעדרוקט אינ'ם Arch. f. Soz.-Wiss. u. Soz.-Pol. B. 46. H. 3 Tübingen 1920.

„בריוו״, שטאמט פון א יודיש־רוסישער פאמיליע אין ראָסטאוו נא־דאנו). —

אין בערלין עפענען זיך פאר דעם יונגן ליבקנעכט׳ן די ברייטסטע פאליטישע מיגליכקייטן. אין 1902 יאר ווערט ער אויסגעקליבן אין בערלינער שטאט־פארלאמענט. אין 1904 יאר לאזט ער שוין הערן פון זיך אין גאנץ דייטשלאנד דורך זיינע ארויסטרעטונגען אין דעם אזוי גערופענעם „קעניגסבערגער פראצעס״. ער טרעט דא ארויס מעשה פארטיידיקער פון רוסישע עמיגראנטן־רעוואלוציאנערן, ער דעקט אויף די פארבארגענע פעדעמער, וואס ס׳האבן זיך געצויגן פונ׳ם רוסישן צאריזם מיט זיין אָכראנקע צו דעם פרייסישן האלב־אבסאלוטיזם מיט זיין קלאסן־יוסטיץ. — שוין מיט א יאר פריער הויבט זיך אן זיין ענערגישע טעטיקייט צווישן דער פראלעטארישער יוגנט. די דאזיקע טעטיקייט דערגרייכט איר העכסטן פונקט אין דער פובליקירונג פון זיין „מיליטאריזם און אנטי־מיליטאריזם״. די דאזיקע שריפט און דער פראצעס צוליב איס — שטעלן צום ערשטן מאל אוועק קארל ליבקנעכטן אינ׳ם צענטער פון דעם פאליטישן לעבן פון דייטשלאנד און פונ׳ם גאנצן ארבעטער־אינטערנאציאנאל.

* * *

קארל ליבקנעכטס פאליטישע אקטיווקייט הויבט זיך אן אין א צייט, וועלכע איז שוין געווען דער בין־השמשות פון דעם אלטן „איינהייטליכן״ דייטשן סאציאליזם. די מעכטיקע דייטשע סאצ־דעמאקראטישע פארטיי איז נאך געווען צו יענער צייט דער שטאלץ פונ׳ם II. אינטערנאציאל. אין יענע יארן (1900 — 1914) איז זי טאקע געווען די גרעסטע און די שטארקסטע פאליטישע ארגאניזאציע. די צאל פון אירע מיטגלידער איז געוואקסן וואס פון יאר, יעדע נייע וואלן האבן ארייננעבראכט אין די פארלאמענטן נייע ס״ד־פארשטייער, און פונדעסטוועגן... איז די פארטיי געגאנגען באַרג־אַראָפּ. די פארטיי האט פארלאָרן עפעס אזוינס, וואס עס האבן איר ניט געקאנט פארבייטן נייע הונדערטער טויזענטער מיטגלידער און וואל־צעטלען. זי האט פארלאָרן דעם רעוואלוציאנערן ארעאל, יענעם טיפן סאציאלן פאטאס, וואס האט זי געמאכט גרויס און וואס האט זי פארשטייפט בא די שווערסטע פארפאלגונגען פון דעם סאציאליסטן־געזעץ. ס׳איז פארשוואונדן די מאסן־אקציע, און דער גאנצער רעוואלוציאנערער שטראם

פון דער ארבעטער־מאסע איז אפגעצויגן און צעשפליטערט געווארן אין פארלאמענטארישע פאראדן און אין דער טאג־טעגליכער ארבעט פון די פראפעסיאנעלע פאראיינען, די דאזיקע פאראייגען, וואס די טאטעס פון דער דייטשער פראלעטארישער באוועגונג האבן אריינגע־לייגט אין זיי אזוי פיל רעוואלוציאנערע ענערגיע און אידעאליזם, האבן איצט פארלארן יעדן פרינציפיעלן שוואונג; זיי זיינען אינגאנצן אוועק אפ׳ן וועג פון דעם ענגליש־אמעריקאנישן טרעד־יוניאניזם: פאראכטונג צו דער מאסע פון די ניט־קוואליפיצירטע ארבעטער, ביוראקראטיזאציע פונ׳ם גאנצן ארגאניזיר־אפאראַט, קרעמערשע ערפאלגלעך, די דאזיקע פראפעסיאנעלע ביוראקראטן פארכאפן אליין — אדער דורך זייערע אגענטן — די פאקטישע פירונג פון דער פאליטישער פארטיי, און פארסמען זי מיט׳ן גייסט פון וואלוועלע „רעפארמען“, אפיציעל בלייבן נאך די אלטע רעוואלוציאנערע רייד, וואס זיינען איצט פארוואנדלט געווארן אין א מליצה, בא דער וואל־אגיטאציע בלייבט נאך דער אלטער רע־וואלוציאנערער זשעסט, אז דאס זיינען אבער געווען ניט מער ווי זשעסטן, מליצות און רעזאלוציעס פלעגט זיך ארויסווייזן איטליכס מאל, ווען עס זיינען נויטיק געווען מעשים, און בולטער פון אלץ האט זיך דאס ארויסגעוויזן אין דער שטעלונג פון דער פארטיי צו דעם מיליטאריזם.

דער איפעריאליזם און די סכנה פון א וועלט־מלחמה זיינען גע־וואקסן וואס פון טאג, די דייטשע סאציאל־דעמאקראטיע האט עס געוואוסט, מען האט וועגן דעם גערעדט, קריטיקירט, ארויסגעטראגן רעזאלוציעס, אבער די דאזיקע פארטיי, וואס האט אף אינטערנאציא־נאלע סאציאליסטישע קאנגרעסן געמאכט דעם אנשטעל פון א רעוואלו־ציאנערן אנטי־מיליטאריזם, האט בא זיך אינדערהיים ניט געהאט קיין מוט אויפצוהויבן אן ערנסטע אנטי־מלחמה־פראפאגאנדע: מען שטעלט דערמיט אין א סכנה די גאנצע „ארגאניזאציע“!

קארל ליבקנעכט, וואס איז געקומען אין די פארטיי מיט די טרא־דיציעס פונ׳ם 48־סטן יאר, האט פון אזוינע „טאקטישע טעמים“ און קאמפראמיסן ניט געוואוסט, מיט דער אמתער אינטואיציע פון א רע־וואלוציאנערן פירער האט ער בחוש געשפירט די סכנה פון דער וועלט־מלחמה, ער האט פארשטאנען, אז די דאזיקע סכנה פאדערט מצד דער פארטיי די גרעסטע אקטיוויקייט, „אז דער רוימישער כלל: אויב דו

ווילסט שלום, גרייט זיך צו א מלחמה, איז קודם כּל חל אף דעם אנטי־
מיליטאריזם": וויל מען שלום, דארף מען קעמפן קעגן דעם מיליטאריזם.
די מלחמה איז פאר אים געווען קודם כּל א „פארברעכן קעגן דער פּלא־
נעטארישער סיסטעם." דער אנטימיליטאריזם איז פאר אים פּערזענליך
געווען ניט נאר קיין פּאליטישער לאזונג, נאר א ריין עטישע איבער־
לעבעניש. די אנטי־מיליטאריסטישע פּראפּאגאנדע איז פאר אים גע־
ווען ניט נאר קיין פּאליטישע, נאר קודם כּל א ריין מענשליכע ערציאונגס־
אויפגאבע: מען דארף ארייַנפלאנצן אין די הערצער פון די מאסן א אינטענ־
סיווע שלום־באגייסטערונג, אלס א קעגן־גיפט קעגן די מלוכה-בא־
גייסטערונג. און קודם כּל דארף מען זיך נעמען צו דער פּראלעטא־
רישער יוגנט „די אנטימיליטאריסטישע פּראפּאגאנדע דארף ווי א
פארצווייגטער נעץ ארומנעמען דאס גאנצע פאלק. די פּראלעטארישע
יוגנט דארף סיסטעמאטיש דורכגעגליט ווערן מיט קלאסן־בא־
וואוסטזיין און מיט א שנאה צום מיליטאריזם. דער יוגנטליכער
ענטוזיאזם וועט באגייסטערט ווערן פון אזא מין אגיטאציע; די פּראלע־
טארישע יוגנט געהערט דער סאציאלדעמאקראטיע. מען מוז זי גע־
ווינען, אויב אלץ וועט נאר ווערן געטון. ווער עס האט די
יוגנט, דער האט די ארמיי! (ק. ליבקנעכט. Milit. u. Anti-Militar. ז. 126)

שוין אין די ערשטע יארן פון זיין פּאליטישער
טעטיקייט שטעלט קארל ליבקנעכט ארויס די פאדערונג: צו די
מאסן! פון פּארטייטאג צו פּארטייטאג מאכט ער זיינע פּראקטישע אנטי־
מיליטאריסטישע פארשלאגן. און איטליכס מאל ווארפט זיי אפּ די
פּארטיי־מערהייט. ליבקנעכט ווערט ניט נתפּעל. ער ווענדט זיך צו
דער מאסע אליין – איבער די קעפּ פון דער פּארטיי־ביוראקרא־
טיע: ער פּובליקירט זיין „מיליטאריזם און אנטי־מיליטאריזם". דאס
דאזיק בוך איז דורך־און־דורך מארקסיסטיש. פאר ליבקנעכטן איז
דער קאמף קעגן דער מלחמה נאר א טייל פון'ם קלאסן־קאמף קעגן
דער בורזשואזער ארדנונג בכלל. אבער בא דער געגעבענער קאנקרע־
טער וועלט־סיטואציע מוז דעם דאזיקן קאמף אפּגעגעבן ווערן א שטאר־
קערע אויפמערקזאמקייט. ער לייגט פאר, אז בא דעם צ. ק. פון דער
פּארטיי זאל געשאפן ווערן א באזונדערער ארגאן, וואס זאל זיך אויס־
שליסליך פארנעמען מיט דער אנטי־מלחמה פּראפּאגאנדע. דאס גאנצע

בוך איז דער שארפסטער פראטעסט קעגן דעם סאציאל־פאטריאטישן גייסט פון דער פארטיי.

די ווילהעלמינישע רעגירונג האט תיכף פארשטאנען, וואס עס שטעקט אין דער דאזיקער שריפט. דאס בוך איז געווארן פארווערט * און דעם אויטאר האט מען אנגעקלאגט אין מלוכה־פאראט. פאר דעם מלוכה־געריכט אין לייפציג שטייט שוין פאר אונז קארל ליבקנעכט אין דער גאנצער פראכט פון זיין פארזענליכקייט, מיט זיין גאנצן רעוואלוציאנערן שטאלץ און מוט:

„דער אויבערשטער מלוכה־פראקוראר צווייפלט אין דער ערליכקייט פון מיין איבערצייגונג... לאז זיין אזוי... מ י י ן ערע איז מ י י ן זאך... אין פאליטישן קאמף איז מען אפט מקריב די פאמיליע... א סאלדאט, וואס גייט אף דער מלחמה קאן זיך ריכטן אף א קויל: איטליכער סאציאליסט, וואס לאזט זיך אוועק אפ׳ן שלאכטפעלד פון דער פאליטיק, ווייס, אז אין יעדן מאמענט קאן ער פאלן... אימיץ איז געבליבן אפ׳ן וועג! א מענטש איז פון יענעם זייט באָרט! אן אנדערער וועט קומען אף זיין ארט. איך פיל זיך דא ניט ווי אן אנגעקלאגטער, ווען איר זאלט מיך אפילו פארמשפטן”!...

מען האט אים פארמשפט אף אנדערטהאלבן יאר פעסטונג (1907—1909)

בעת ליבקנעכט איז געגאנגען צו דער תפיסה, האבן פאר אים דעמאנסטרירט צענדליקער טויזנטער ארבעטער...

* * *

גלייך נאך דער תפיסה לאזט זיך ליבקנעכט ארײן אינ׳ם קאמף קעגן דאס פריצישע דריי־קלאסיקע וואלרעכט אין פרייסן. דא אנטפלעקט זיך ווידער איינער פון די הויפט־מאמענטן אין זיין פאליטישן אני־מאמין: דאס אפעלירן צו דער מאסע. דער דאזיקער מאמענט דערנענטערט אים — דערווייל נאר רײן אידעאיש — צו דער צווייטער מארטירערין פון דער דייטשער רעוואלוציע, צו ראזא לוקסעמבורג: צו דער גע־ניאלער מארקסיסטישער פארשערין, דער פרוי „מיט דער גליענדיקער נשמה און מיט׳ן מוטיקן ליכטיק׳ן גייסט.” — דער קאמף קעגן דאס פריי־סישע וואלרעכט איז פאר קארל ליבקנעכט׳ן ניט געווען דאס, וואס פאר

* אגב, האָט דער ״סאציאליסטישער״ מיניסטער נאָסקע נאָך אין 1919 יאר — צום ערשטן יארצייט פון דער „רעפּובליק״ — אויך ארויפגעלעגט אן ארעסט אף דעם דאזיקן בוך.

אנדערע אפיציעלע פירער. ראדעק דערציילט, אז בעת ער האט זיך צו יענער צייט (1909 — 11) דעם ערשטן מאל באקענט מיט ליבקנעכטן איז אים תיכף אויפגעפאלן, אז ליבקנעכט איז געווען „איינער פון די סאמע באדן־פעסטע־פירער". דער רעפובליקאניזם איז פאר אים דע־מאלט ניט געווען קיין טעארעטישע איבערצייגונג, נאר אן אקטועלע פראגע „ער איז ניט געווען פארשטיינערט אין דער אויפפאסונג, אז די אנטוויקלונג וועט זיך גיין פאמעלעך, אז די... סאציאלע פאר־העלטענישן וועלן זיך ניט אנהויבן צו וואקלען גאר אין דער נאענסטער צייט. דערביי איז עס בא אים ניט גע־ווען קיין טעארעטיש אפמעסטן פון די סאציאלע כוחות, וואס וועלן באלד אויפטרייסלען דעם סאציאלן באדן פון דער „פרידליכער" אייראפע. די סיטואציע איז נאך ניט געווען רעוואלוציאנער מען האט געדארפט גיין צו די מאסן, זיי וועקן — און דאס האט ליבקנעכט געקאנט, ווי ווייניק ווער" (ראדעק)...

אזוי גייט אוועק א יאר נאך יאר אין נייע קאמפן מיט׳ן אויסוויי־ניקסטן פיינד און מיט דעם אינעווייניקסטן — אין דער פארטיי. אלע געדענקען נאך אין 1912־טן יאר, ערב דעם אימפעריאליסטישן בלוט־באד, דעם קרופ־סקאנדאל אינ׳ם דייטשן רייכסטאג: קארל ליבקנעכט אנטשלייערט די אינטערנאציאנאלע אינטריגעס פון דער וואפן־אינדוסטריע. ער בא־לייכט די פינצטערע גענג, וואס ציען זיך פון די אינדוסטריעלע ביוראס צו די באנקן, פון די באנקן צו די קאבינעטן פון די מיניסטארן, פון די מיניסטארן־קאבינעטן צו דער גרויסער פרעסע, — פון איין לאנד צו דעם אנדערן; ער באווייזט ווי מען „מאכט" מלחמה־„שטימונגען", ער דער־ציילט, ווי די דייטשע שטאל־באראנען און אייזן־מאגנאטן „באזארגן" זיך אין דער פראנצויזישער צייטונג "Figaro„ ארטיקלען — קעגן דייטש־לאנד! כדי די דייטשע מוניציע־פאבריקאציע זאל האבן „מאטעריאל" פאר דער מיליטאריסטישע פראפאגאנדע... און דאס אלץ ווערט ארויסגעזאגט מיט אזא ליידנשאפט, אז אפילו די אייגענע גענאסן פילן זיך עפעס... שאָקירט.

בכלל, איז שוין צו יענער צייט קארל ליבקנעכט געווען פאר דער אפיציעלער דייטשער פארטיי־פירונג א העכסט „אומבאקוועמער" מענטש, א „היץ־קאפ", א מענטש מיט אן idee fixe: אלץ, וואס ליבקנעכט פא־דערט איז אן אטענטאט אף די „הייליקסטע יסודות" פון דער פארטיי,

אף איר לעגאליטעט. אף די פארטיי־טאגן האט ער תמיד קעגן זיך די „קאמפאקטע פארטיי־מערהייט״. עס אונטערשטיצט אים נאר די קליינע ראדיקאלע מינדערהייט, ארום ראזא לוקסעמבורג. נאר זיי פארשטייען אים.

פאר דער פארטיי, אלס ארגאניזאציאנעלער איינהייט, איז קארל ליבקנעכט נאך פאר דער מלחמה געווען א הארטער ביסן. דערפאר אבער האבן אים פארגעטערט די מאסן.

* * *

קארל ליבקנעכט'ס פערזענליכקייט איז נאך פאר דער מלחמה געווען אן ערשיינונג, וואס איז געשטאנען אין א שארפער סתירה צו אלץ, וואס אסאציאירט אין דייטשלאנד מיט דעם באגריף פון א יוסטן פראלעטארישן פירער. ריין מענטשליך – האט ליבקנעכט פארמאגט עפעס אזוינס, וואס דערנענטערט אים צו יענעם אידעאלן טיפ רוסישע רעוואלוציאנערן פון פארגאנגענעם דור, וואס זיינען שוין איצט אין רוסלאנד אויך א יקר המציאות.

דאס ערשטע, וואס האט זיך געווארפן אין די אויגן, איז געווען די אויסערגעוויינטליכע ברייטקייט פון זיינע אינטערעסן, יענע מערקווירדיקע גייסטיקע רירעוודיגקייט, וואס האט זיך ניט געלאזט אפשטעלן פאר קיין שום דאקטרינע. אין דער פאליטיק האט ער געהאט א באזונדערן חוש פאר אלץ, וואס האט געיורט אינ'ם סאציאלן קערפער. ער האט דער ערשטער געפונען דעם געהעריקן טאן קעגן דעם מיליטאריזם, ער איז געווען דער אקטיווסטער טוער אין דער נייער פראלעטארישער יוגנט־באוועגונג, ער האט געפונען צייט זיך צו פארנעמען מיט דער אנטי־קירכליכער באוועגונג... די דאזיקע „ברייטקייט״ מערקט מען בא ק. ליבקנעכטן ניט נאר אין דער פאליטיק. פון זיינע בריוו איז צו זען, ווי ברייט עס זיינען זיינע ריין־קינסטלערישע אינטערעסן. ער האט א פיינעם חוש אפילו פאר די מאדערנסטע פארמען פונ'ם קינסטלערישן שאפן (זע זיינע באמערקונגען וועגן עקספרעסיאניסטישע מאלעריי)... פון דער זעלביקער „ברייטקייט״ דרינגט אויך ארויס ליבקנעכטס אינטערנאציאנאליזם. זיין אינטערנאציאנאליזם איז געווען קודם כל א ריין־מענטשליכע איבערלעבעניש. אויפגעוואקסן און דורכגענומען מיט די בעסטע טראדיציעס פון דער דייטשער קולטור, האט ער תמיד געזוכט צו באררייכערן זיינע נשמה־ערפארונגען דורך די

באקאנטשאפט מיט׳ן אויסלאנד: ער פארט קיין פראנקרייך, קיין אמעריקע — טרעפט ער נאר א רוסישן חבר, זעט ער אים תיכף אויסצופרעגן ניט נאר וועגן די קלענסטע קלייניקייטען פון דער רוסלענדישער ארבעטער־באוועגונג, נאר וועגן רוסלאנד בכלל. — פון דעם דאזיקן „ברייטן״, „פלאנעטארישן״ געפיל איז שוין איין טריט צו ליבקנעכטס *קאָסמאָס*־געפיל. (זע דער עיקר, די פראנט־בריוו). ס׳איז באקאנט וואס פאר א גרויסע ראלע דער דאזיקער געפיל האט געהאט פארנומען אין די סאציאליסטישע *איבערלעבונגען* פון די *אלטע רוסישע רעוואלוציאנערן*.* דער ענגער ארגאנישער צוזאמענהאנג פונ׳ם סאציאלן און קאסמישן געפיל איז איינער פון די אינטערעסאנטסטע שטריכן אין ליבקנעכטס פערזענליכקייט (דאס אייגענע געפינען מיר — אפשר אין נאך א גרעסערער מאס — בא ראזא לוקסעמבורג), דער וועלטאל־געפיל איז בא ליבקנעכטן נאר א העכערע בחינה פון זיין „סאציאביליטעט״, פון זיין אומענדליכער *מענטשליכער* ליבע, פון זיין אינטענסיווער באדערפעניש זיך צו באהעפטן מיט א העכערער איינהייט: פון דער מענטשהייט צום קאסמאס!... די „סאציאביליטעט״, דער ריין *עטישער מאמענט* איז דער *צענטר* פון קארל ליבקנעכט׳ס כאראקטער, וואס באאיינפלוסט די ווייטסטע פעריפעריעס פון זיין פערזענליכקייט. פאליטיק איז פאר אים קודם כל א ריין *מאראלישער אימפעראטיוו*. (דערפאר קאן ער קיינמאל ניט אריינפאלן אין פאליטיקעריי). אט דער עטישער גרונד־טאן פון קארל ליבקנעכט׳ס פערזענליכקייט פארבינדט זיך בא אים מיט א מעכטיקן טעמפעראמענט. ער האט תמיד געדענקט די צוואה פונ׳ם גרויסן אוטאפיסט: „איר דארפט קיינמאל ניט פארגעסן, מיין פריינט, אז, כדי גרייט צו זיין אף גרויסע מעשים, *מוז מען תמיד זיין באגייסטערט*;״ און זיין גאנץ לעבן איז געוועזן איין גרויסע באגייסטערונג. די דאזיקע באגייסטערונג לייגט ארויף אף אלע פאליטישע ארויסטרעטונגען פון ק. ליבקנעכטן דעם שטעמפל פון א געוויסער פסיכאלאגישער *רעליגיאזיטעט*. זיין ווולקאנישע אגיטאציע

* מיר ברענגען דא די העכסט כאראקטעריסטישע שורות פון מיכיילאוו׳ס זכרונות (Былое февр. 1906) „די נאטור איז מיר געוועזן נאענט און טייער... בא מיין איבערגאנג צום סאציאליזם האט די נאטור געשפילט א גרויסע ראלע. די ליבע צו דער נאטור איז בא מיר אריבער אין א ליבע צום מענטשן; ס׳האט זיך עפעס אזוי געוועלט, אז די מענטשהייט זאל אויך זיין אזוי הארמאניש און פרעכטיק, ווי די נאטור אליין... אט דא פאר׳ן בלויעם הימעל האב איך געשווארן צו לעבן און צו שטארבן פאר׳ן פאלק...״

(באַזונדערס שפּעטער, אין די טעג פון דער רעוואָלוציע) טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ נביאישן עקסטאַז, וואָס פלעגט בוכשטעבליך היפּנאָטיזירן די אַרבעטער־מאַסן; ליבקנעכט דער רעדנער פלעגט ווירקן ניט אַזוי שטאַרק מיט דעם כוח פון זיין דיאַלעקטיק, ניט מיט דער נייס פון זיינע געדאַנקען, נאָר קודם כל מיט זיין לויטערן סאָציאַלן פּאַטאָס. נאָר דער „דייטשער" פעלדפעבעל־גייסט האָט אין דעם דאָזיקן פּאַטאָס געקאָנט זען דעמאַגאָגיע, * און נאָר די קייזערליכע „סאָציאַליסטן" האָבן אים געקאָנט האַלטן פאַר אַ „בלינדן פאַנאַטיקער". די ברייטע אַרבעטער־מאַסע האָט אָבער תמיד געשפּירט, אַז דאָס איז אַ מענטש, וואָס איז ליידנשאַפטליך פאַרליבט אין זייער אידעע, אין זייער חלום.

ליבקנעכטס גלויבן האָט ניט געהאַט צו טון מיט דעם, וואָס מען רופט אָן „רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק". אין זיינע אַנשויאונגען און אין זיינע מעשים איז ער תמיד געבליבן אויפ'ן באָדן פונ'ם וויסנשאַפטליכן מאַרקסיזם. דאָס איז אָבער געווען אַ רעוואָלוציאָנערער מאַרקסיזם, וואָס שפּירט אַן אָרגאַנישן עקל צום פּאָליטישן סקעפּטיציזם פון „קלוגע", „געלערנטע" פּחדנים און „סאָציאַליסטישע" באַלעבאַטים.

דערפאַר האָבן אים ניט האָלט געהאַט די פירער.
אָבער די ברייטע אַרבעטער־מאַסע האָט אים אינסטינקטיוו פאַרשטאַנען און געליבט פאַר זיין גאַנצקייט, פאַר זיין קאָנען „נאָר וואָגן", פאַר זיין אייזערנעם ווילן.

זי האָט אים געקענט ניט נאָר בײַ גרויסע פּאָליטישע פּאַראַדן —
זי האָט אים גוט געקענט אויך אינ'ם טאָג־טעגליכן לעבן.

ער האָט ליב געהאַט ניט נאָר „געשפּענסטער", „דעם ווייטן".
ליבקנעכט האָט ליב געהאַט דעם „נאָענטן": אין זיין מאָראַליזם איז ניט געווען קיין שום סכעמע, קיין פּאָזע; ער איז געווען דאָס, וואָס מען רופט פּשוט: אַ גוטער, אַ לעבעדיקער מענטש. אין זיין יורידישער פּראַקטיק איז ער געווען דער אַדוואָקאַט (אין בוכשטעבליכן זין פון

* „איך פאָדער, מען זאָל פאַרשטיין, אַז מיינע רייד זיינען נאָר דער געהעריקער שפּראַכליכער אויסדרוק פאַר מיינע געפילן און מיינע געדאַנקען, אין אַ גרויסער אויפרעגונג פאַר הויכע אידעאַלע צילן, איך בין זיך סומך אויפ'ן תנך, אויף לוטערן, אויף די גרויסע פּאָעטן, אויף שעקספּירן, אויף געטעס פויסט — די שטאַרקייט פונ'ם וואָרט קאָן און מוז אָנערקענט ווערן נאָר ווי אַ מיטל אויסצודריקן די אינטענסיוויקייט פון דער שטימונג . . . אויב די אַגיטאַציע איז צוליב אידעאַלע צילן, איז זי שוין אַליין אידעאַל."
(פון ליבקנעכטס רעדע אויפ'ן לייפּציגער פּראָצעס.)

ווארט) פונ׳ם בערלינער דלות. די מאסע האט אים געזען אינ׳ם טאג־טעגליכן לעבן תמיד א פרייליכן, א ליבליכן, א פריינדליכן, א גאנצן עולם הזה׳ניק, וואס איז געטריי געווען דער ערד — מיט אירע אינטענסיווע פריידן און ליידן. די מאסע האט אינסטינקטיוו געשפירט, אז ווער עס לעבט אזוי ברייט, אזוי טיף און אזוי גאנץ, ווער עס „קאן פארשווענדען אזא גרויסע נשמה, דער קאן אויך שטארבן אין קאמף."

* * *

**דעם** 12־טן יולי 1914, ד. ה. 11 טעג פאר דעם עסטרייכשן אולטימאטום, איז אין פראנקרייך אין Conde sur l'Escaut — הארט לעבן בעלגישן גרענעץ — פארגעקומען א גוואלטיקע שלום־דעמאנסטראציע, אין וועלכער ס׳האבן זיך באטייליקט בא 20000 בעלגישע און פראנצויזישע ארבעטער. מצד די פראנצויזן האט גערעדט לאַנגע, מצד די בעלגישע ארבעטער־וואנדערמיסען. אינ׳ם נאמען פונ׳ם דייטשן פראלעטאריאט רעדט קארל ליבקנעכט. ער ווערט אויפגענומען פון די בעלגישע און פראנצויזישע ארבעטער מיט א גרויסער באגייסטערונג . . .

נאך דער דאזיקער דעמאנסטראציע פארט ליבקנעכט אוועק קיין פאריס. ער גייט אף דער זיצונג פון דער קאמער, טרעפט זיך מיט זשאָרעסן און באזוכט דעם נאציאנאל־ראט פון דער פראנצויזישער פארטיי. ער קומט אין די רעדאקציע פון „Humanite". „אין דער רעדאקציע" דערציילט שפעטער ליבקנעכט, „האבן מיר ווידער געטראפן זשארעסן . . . מיר זיינען געבליבן צוזאמען אין א קרייז פון גוטע פריינט ביז טיף אין דער נאכט. זשאָרעס (עטליכע טעג פאר זיין ערמארדונג) איז געווען ממש ניט אויסצושעפן אין זיין וויציקייט און אין זיין ערנסט . . . פאריס האט געטאנצט. געטאנצט אומעטום: אין די שענקען, אין די קאפעס, אין די גאסן, אף די פלאצן! Fete nationale, Fete de la République פאריס האט געטאנצט אונטער דעם צערטליכן אקאמפאנימענט פון מוזיק־קאפעלן. פאריס האט געטאנצט: אלט און יונג, ארעם און רייך אויסגעפוצט און אפגעריסן. ער האט געטאנצט פלינק און גראציעז כמעט אָן קיין שום שארך: קיין איין ברוטאלער טאָן ניט, קיין גראבער געלעכטער ניט, קיין איין געמיינער זשעסט ניט, קיין שטופעניש, קיין שום געדראנג. מיר האט זיך אויסגעדאכט עפעס מאָדנע צוריקגעהאלטן די פרייליכקייט, וואס האט אין דער דאזיקער ליכטיקער

יולי־נאכט אנגעפילט אָט דעם רירעוודיקן, פלאטערנדיקן עולם. היינט דאכט זיך מיר אויס, אז ער האט שוין געהאט אן אומקלארן פארגעפיל פון דער אימה, וואס האט זיך אף אים אראפגעלאזן אין צען טעג ארום... א געשפענסט פון א danse macabre* — איך קאן זיך שוין ניט באפרייען פון דער דאזיקער פארשטעלונג... אָט די זכרונות זיינען אריינגעברענט אין מיין מארך. זיי באגלייטן מיך פון דעם 23־טן יולי אָן, וואו איך שטיי און גיי."

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די געשעענישן אנטוויקלען זיך מיט א קאטאסטראָפאלער גיכקייט. דעם 23. יולי שיקט עסטרייך איר אולטימאטום צו סערביע; דעם 31־סטן — שוין אונטער דעם באלאגערונגס־צושטאנד — לאזט ארויס דער צ. ק. פון די דייטשע ס. ד. אן אויפרוף, אין וועלכן ער מעלדעט, אז די פארטיי „וועט בלייבן געטריי דער זאך און וועט אויסהאלטן, דורכגעדרונגען מיט דער געהויבענער גרויסקייט פון איר קולטורעלער מיסיע." — דעם 31. פארט הערמאן מילער אינ׳ם נאמען פון דער דייטשער פארטיי קיין פאריס שאפן א קאנטאקט צווישן דער דייטשער און דער פראנצויזישער פארטיי. ער פארזיכערט דארטן, אז די דייטשע ס. ד. וועט אפווארפן די מלחמה־קרעדיטן, אדער לכל הפחות, ניט שטימען פאר... דעם 3־טן אויגוסט באשליסט די סאציאליסטישע פראקציע פונ׳ם רייכסטאג — מיט א מערהייט פון 78 שטימען קעגן 14 — צו שטימען פאר די קרעדיטן. אין פלענום שטימט די גאנצע פראקציע פאר די קרעדיטן. וואס ס׳האט געדארפט זיין, איז געשען: די דייטשע ס. ד. האט אויפגעבויט דעם אינטערנאציאנאל, זי האט אים חרוב געמאכט. —

פארוואס האט ליבקנעכט, וואס איז געשטאנען אין דער פראקציע בראש פון די 14 ניין־זאגער, פארוואס האט ער דעם 4־טן אויגוסט געשטימט אין פלענום צוזאמען מיט דער גאנצער פראקציע?

די דאזיקע פראגע האט שוין ארום זיך א ים אַפּאָקריפן. איצט קאן זי אינגאנצן פארענפערט ווערן א דאנק ליבקנעכטס „געדאנקען און זכרונות פון דער „גרויסער צייט".**

* טויטן־טאנץ.

** א ריי נאטיצן, וואס ער האט אנגעווארפן אינ׳ם מאאביטער אויספארשונגס־ארעסט.

דער פאראט פון דער מערהייט האט אלעמען אזוי איבערראשט, אז אין דעם ערשטן מאמענט האבן זיך פארלארן אפילו די 14 ניין־זאגערי קארל ליבקנעכט, דער שטענדיקער אפטימיסט, האט זיך בשום אופן ניט געקאנט פארשטעלן, אז דער צעפוילונגס־פראצעס האט שוין פארכאפט די פארטיי אזוי ווייט: ער האט געהאפט, אז די אפשטימונג איז נאר א רעזולטאט פון א צייטווייליקער פאניק, וואס וועט באלד פארבייגיין, שטימען א ל ײ ן קעגן די איבעריקע 110 סאציאליסטישע דעפוטאטן, וואלט באטייט: ברעכן די דיסציפלין, ארויס תיכף פון דער פארטיי. און א י ז א ל י ר ן זיך האט מען נאך דעמאלט בשום אופן ניט געטארט. *

„דאס האט מיר תיכף פארדראסן" דערציילט ליבקנעכט, „און כ'האב עס אומעטום אפן ארויסגעזאגט!" . . (פון א פראטאקאל פון דער רייכסטאגס־פראקציע).

און אין עטליכע וואכן ארום הויבט אָן ליבקנעכט צוזאמען מיט די איבריקע פירער פונ'ם לינקן פליגל (ראזא לוקסעמבורג, פראנץ מערינג, קלארא צעטקין — שפעטער איז צוגעקומען לעאָ יאגישעס) צו זאמלען ארום זיך די שפליטער פון דער פארטיי, וואס זיינען נאך געבליבן געטריי דער סאציאליסטישער פאָנע. סוף אויגוסט פאדערט ער שוין פון דער בערלינער ארגאניזאציע מען זאל איינארדנען א גענצע ריי אנטי־מלחמה מיטינגען, דער בערלינער קאמיטעט זאגט זיך אפ — פון 4־טן ביז'ן 12־טן סעפטעמבער איז ער אין בעלגיע **. ער זוכט דארטן אויף בעלגישע חברים ; דעם 13־טן פארט ער קיין האלאנד, ער זעט זיך מיט האלענדישע חברים, ער אינפארמירט זיי וועגן דעם מצב פון דער דייטשער פארטיי און וועגן דער שטעלונג פון דער אפאזיציע ; ער צעשטרייט די אפיציעלע ליגנס, וואס די פארטיי־לייטונג האט אנגעהויבן סיסטעמאטיש צו פארשפרייטן אין די נייטראלע לענדער. אין אקטאבער ארדנט ער איין

* „אפילו פאר דער צווייטער אפשטימונג" (זע ווייטער), דערציילט ליבקנעכט „האט מיר דעם 1־טן דעצעמבער איבערגעגעבן ראזא לוקסעמבורג, אז מערינג און קארסקי ראטן מיך אָפּ פון א סעָפּאַראַט־וואָטום . . . אזוי שטארק האט מען נאך דעמאלט געהאלטן פון פארטיי־דיסציפלין . . . איך האב זיך דערווייל באגרענצט מיטן קאמף אין דער פראקציע גופא."

** ער איז געפארן פריוואט — אויפזוכן פרוי ליבקנעכטס א ברודער, וואס האט שטודירט אין בעלגיע. (דאס איז דערזעלביקער בעבא, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין דעם בריוו פונ'ם זייט 140) די דייטשע מיליטער־לייטונג האט געוועלט אויסנוצן זיין נסיעה און אים פאטאגראפירן אף די פארטן פון ליוטיך צוזאמען מיט אן אפיצער. ליבקנעכט האט זיך געוויינטליך, אפגעזאגט פונ'ם כבוד . . .

צוזאמען מיט ראזא לוקסעמבורג צוויי מיטינגען אף דער טעמע: „א סוף צו דעם פעלקער־מארד!" פאראלעל דערמיט הויבט ער אָן זיין אומלעגאלע טעטיקייט. —

דאס אלץ האט אזוי אויפגעבראכט דעם צ׳ ק׳ פון דער פארטיי, אז מען לאדט אים איין אף א זיצונג, וואו מען מאכט אים א שטרענגען אויסרייד. ליבקנעכט ענטפערט, אז „ער טוט ד א ס, אף וואס ער האט רעכט, וואס עס הייסט אים זיין פליכט, וואס קיין איין שווארץ יאָר קאן אים ניט פארווערן!... די ארבעטער וועלן אים פאר־שטיין... נ י ט פארשטיין וועט אים א צ׳ ק׳, וואס זיינע עמי־סארן... ווירקן, ווי הערעלדן פונ׳ם דייטשן אימפעריאליזם"! אז מען ווייזט אים אָן אפ׳ן באלאגערונגס־צושטאנד און אף דער סכנה, אין וועלכער ער שטעלט די „ארגאניזאציע" ענטפערט ער (אין א בריוו צו שיידעמאנען): עס זיינען פאראן אזוינע זאכן, וואס מען טאר ק יי נ מ א ל ניט טון, אפילו אונטער דעם דרוק פון א מיליטערישער דיקטאטור אויך ניט, זאכן, וואס בארירן אזוי די נשמה (א י ך ב ע ט א י י ך צ ו פ א ר צ יי ע ן ד א ס ו ו א ר ט) און דעם כבוד פון דער פארטיי, אז אפילו די מ א ט ע ר י ע ל ע אינטערעסן פון דער פ א ר ט יי קאנען עס ניט בארעכטיקן!"...

עס דערנענטערט זיך דער צ ו ו יי ט ע ר ד ע צ ע מ ב ע ר, די רע־גירונג דארף דעם צווייטן מאל פארלייגן דעם רייכסטאג די מלחמה־קרעדיטן. מיט 3 טעג פריער קלייבט זיך צונויף די סאציאליסטישע פראקציע. די מערהייט איז, געוויינטליך, ווידער פאר׳ן אננעמען די קרעדיטן. 17 מאן זיינען אין דער פראקציע פאר׳ן אפווארפן די קרעדיטן. אבער שטימען אין פ ל ע נ ו ם קעגן די קרעדיטן ווילן 16 פון זיי ניט. ליבקנעכט פרובירט צו ווירקן אף זיי מיט אלע מיטלען. קיין איין מענטש רופט זיך ניט אָפּ; ער בלייבט איינער אליין. ער שטרענגט אָן זיין גאנצע מאָראלישע קראפט און באשליסט צו טון דאס, וואס עס הייסט אים זיין געוויסן. ער שטימט אין רייכסטאג איינער־אליין קעגן די קרעדיטן — קעגן דעם גאנצן רייכסטאג! קעגן די 110 סאציאליסטישע דעפוטאטן! קעגן זיינע חברים פון דער „אפאזיציע"! ס׳איז שווער צו באשרייבן דעם גוואלטיקן רושם פון ליבקנעכטס אקציע דעם 2 דעצעמבער. דאס איז געווען דער ערשטער פארלאמענטאריער אין מערב־אייראפע, וואס האט אָפן

אויפגעהויבן זיין שטים קעגן דער אימפעריאליסטישער בלוט־באָד. די מאָטיווירונג פון זיין אפשטימונג ווערט אפגעשריבן און פארשפרייט איבער גאנץ דייטשלאנד און איבער דער גאנצער וועלט. אין דער גאנצער וועלט ווערט ער דער סימבאל פון דער אויפוואכנדיקער אינטערנאציאנאלער קראפט פונ׳ם ארבעטער־קלאס. די גאנצע בירגערליכע און שיידעמאנישע פרעסע הויבט אויף קעגן אים די שמוציקסטע העצע — און ליבקנעכט ווערט אלץ שטייפער, אלץ אנטשלאסענער. ער הויבט אָן אלץ פעסטער און אלץ שארפער ארויסצוטרעטן אינ׳ם רייכסטאג מיט זיינע בארימטע „קליינע אנפראגן", מיט זיינע צווישנרופן און פראטעסטן. ריידן לאזט מען אים ניט. מען גיט אים ניט קיין ווארט. איינער אליין שטייט ער אינ׳ם פארלאמענט קעגן די צעווילדעוועטע פאטריאטישע חיה.* ליבקנעכט ווערט אלץ ערנסטער, שווערע קנייטשן באווייזן זיך אף זיין ענערגישן גוטן געזיכט. עס פארשווינדט זיין פריילעכקייט. עס וואקסט וואס פון טאג זיין מאראלישע קראפט און אלץ שטייפער ווערט זיין ווילן...

סוף יאנואר 1915, אינמיטן ברען פונ׳ם קאמף, ווערט ליבקנעכט א סאלדאט. בעת ער קומט אין זיין ראָטע קיין קיסטרין, גיט ער צו וויסן, אז ער וועט נ י ט ש י ס ן. מען באפרייט אים אף א קורצע צייט; דערנאך שיקט מען אים ווידער אוועק אפ׳ן פראנט איצט שוין אין אן ארבעט־באטאליאן, מיט א בפירושער אנמערקונג אף זיינע סאלדאטישע פאפירן: „אָן געווער". מען גיט אים דערביי צו וויסן, אז א חוץ דעם רייכסטאג און לאנדטאג, טאר ער זיך ניט פארנעמען מיט קיין שום פאליטישער ארבעט — „כל זמן ער טראגט דעם קיניגס ראק!"...

וואס קארל ליבקנעכט האט איבערגעלעבט אפ׳ן פראנט, קאן מען בעסער פון אלץ זען פון זיינע בריוו. זיין רעוואלוציאנערער ווילן ווערט נאך שטייפער. איטליכס מאל, ווען מען לאזט אים אפ אף עטליכע טעג קיין בערלין, בא יעדן „אורלויב", וואס ער קריגט צו די זיצונגען פון די פארלאמענטן, גיט ער זיך ווידער אפ דער

* מאקס אדלער שילדערט אזא סצענע (אין רייכסטאג:) „ער האט פלוצים א לויף געטון צו דער טריבונע און האט מיט א ווילדער שטים פראטעסטירט קעגן דעם פעלקער־מארד... עס ווערט א שרעקליכער סקאנדאל, מעק לאזט אים ווייטער גיט ריידן; א דעפוטאס שפרינגט צו אים צו און וויל אים שיר גיט שלאגן; עס לויפן צו אנדערע און מען שטופט אים אפ פון דער טריבונע... דער פרעזידענט קלינגט... קיינער הערט ניט". אט די סצענעס פלעגט די פרעסע פארשווייגן...

אגיטאציע, ער שטעלט צונויף פראקלאמאציעס, ער באטייליקט זיך אין אלע ארגאניזיר־זיצונגען פון דער „אפאזיציע״ פון וועלכער עס קריסטאליזירט זיך ארויס אלץ דייטליכער דער קערן פון דער קומעדיקער קאמוניסטישער פארטיי (ספארטאקוס־בונד). * דעם 1־טן יאנואר 1916 קומט פאר אין ליבקנעכטס דירה דער ערשטער צוזאמענ־פאר פונ׳ם ספארטאקוס־בונד. עס הויבן אָן ארויסצוגיין די „ספאר־טאקוס־בריוו״, וואס האבן געשפילט אזא גרויסע ראלע אין דער אידעא־לאגישער פאר־געשיכטע פונ׳ם דייטשן און אינטערנאציאנאלן קאמוניזם. עס ווערן ארגאניזירט דעמאנסטראציעס — אומעטום שטייט אינ׳ם צענטר פון דער דאזיקער ארבעט קארל ליבקנעכט. בעת די רוסישע חברים בעטן אים פון דער שווייץ, ער זאל זיך מער היטן, ער זאל ניט ארויסטרעטן אזוי אָפן ענטפערט ער אין א קארטל, מיט די ווערטער פון אייריפידן:

„און ליב ניט די זון אזוי שטארק
און — אויך ניט די שטערן . . .״

אזוי איז עס געקומען צום ערשטן מאי 1916. די אויסערליכע זייט פון דער דאזיקן הערואישסטן אקט אין דער געשיכטע פון דער ארבעטער־באוועגונג פאר דער גאנצער צייט פון דער מלחמה, איז באקאנט. דאס איז געווען די ערשטע גרויסע מאסן־דעמאנסטראציע; בראש פון דער דאזיקער אנטי־מלחמה דעמאנסטראציע, וואס איז געווען ארגאניזירט און צוגעגרייט פונ׳ם ספארטאקוס־בונד אין בערלין און אין אנדערע שטעט, שטייט קארל ליבקנעכט. 8 אזייגער פונאווגט קומט קארל ליבקנעכט צוזאמען מיט עטליכע חברים אפ׳ן פאטסדאמער פלאץ, איינעם פון די סאמע לעבעדיקע צענטרען אין בערלין. עס קלייבט זיך צונויף אַן עולם ביז 10000 מאן. ליבקנעכט פארשפרייט אליין צווישן עולם פראקלאמאציעס. בעת די פאליציע און דאס מיליטער וויל צעיאגן די דעמאנסטראנטן, רופט קארל ליבקנעכט אויס עטליכע מאל: „Nieder mit dem Kriege! Nieder mit der Regierung!“ די פאליציע צוזאמען מיט די געהיימע און אפענע אגענטן, וואס האבן נאר געהאט געווארט אף דעם, רינגלען ארום ליבקנעכט׳ן און ארעסטירן אים.

* די פריערדיקע אפאזיציע האט ארגאניזאטאריש פארבונדן צוויי פארשיידענע פאלי־טישע ריכטונגען: ערשטנס, די „ארבעטס־געמיינשאפט״ בראש מיט לעדעבורן, פון וועלכער ס׳איז שפעטער ארויסגעוואקסן די אומאפהענגיגע פארטיי; צווייטנס, די גרופע „אינטער־נאציאנאל״ בראש מיט ליבקנעכטן און מערינגן, פון וועלכער ס׳איז ארויס דער ספארטאקוס־בונד.

דער נקמה־אקט פון דער רעגירונג איז פאר־וואנדלט געווארן אינ׳ם שטארקסטן רעוואלוציא־נערן סיגנאל פאר די פראלעטאריער פון דער גאנצער וועלט.

* * *

גלייך נאך ליבקנעכטס ארעסט זאגט זיך אפ דער דייטשער רייכסטאג, „דער קלאגעדיקסטער פון אלע פארלאמענטן אין דער וועלט״, אים צו נעמען מעשה דעפוטאט, אונטער זיין „הויכן שוץ״; מען גיט אים איבער אין די הענט פונ׳ם מיליטער־געריכט. מען באשולדיקט ליבקנעכטן אין מלחמה־פאַראַט (א פרווו צו מלוכה־פאראט). דער דאזיקער חטא ווערט נאך קוואליפיצירט דורך דעם, וואס בעת דער „פארברעכערישער האנדלונג״ האט ליבקנעכט נאך „געטראגן דעם „קיניגס ראק״״ וואס ער איז געווען א סאלדאט.

די „פרייע צייט״ פון דעם בערלינער אונטערזוכונגס־ארעסט נוצט קארל ליבקנעכט אויס, כדי אין א סיסטעמאטישער און לאגיש דורכגעטראכטער פארם ארויסצוזאגן יענע גרונד־געדאנקען, וואס האבן ביז איצט דורכגעדרונגען זיין גאנצע פאליטישע טעטיקייט. די דאזיקע „איינגאבן״ האבן דאס געזאלט זיין ליבקנעכטס פאר־טיידיקונג פאר׳ן געריכט. ליבקנעכט קלאגט דא אָן — און מיט אזא טאָן, וואס די רעגירונג האט עס קיינמאל ניט געהערט. ער דער־מאנט דא ניט, אז ער איז א דעפוטאט פון צוויי פארלאמענטן (פון דייטשן רייכסטאג און פון דער פרייסישער קאמער), ער פרווט גאר ניט אויפצווייזן, אז ער ברענגט „נוצן דעם פאטערלאנד״ דערמיט, וואס ער וועקט דעם סאציאליסטישן באוואוסטזיין אין די „פיינדליכע לענדער״; ער לאזט זיך ניט אריין אין קיין שום יורידישע חקירות, ער וויל בכלל ניט איבערצייגן זיינע ריכטער: קודם כל קלערט ער וועגן די ארבעטער־מאסן פון דער גאנצער וועלט. זיי זיינען דער אדרעסאט פון זיינע איינגאבן און ניט „די קיניגליכע קאמאנדאנטור — בערלין״, און דער אדרעסאט האט זיי געקריגן.

* * *

מיר ברענגען דא איינצלנע ווייניקער „זאכליכע״ דאקומענטן פון ליבקנעכטס „פראצעס״: ד א שטייט אויף פאר אונז ליבקנעכט דער רעוואלוציאנער, אין זיין גאנצער גרייס.

I

צ ו ו י י  ט ע ג  נאך זיין ארעסט שיקט ליבקנעכט אוועק דער קיניגליכער קאמאנדאנטור די פאלגנדיקע „איינגאבע״ *

בערלין, דעם 3־טן מאי 1916.

צום דעם קיניגליכן קאמאנדאנטור־געריכט.

1. אין דער אונטערזוכונג קעגן מיר נויטיקט זיך דער פראטאקאל וועגן מיין פארנעמונג אין דער פאלגנדיקער אויסטייטשונג:

די דייטשע רעגירונג איז, לויט איר געזעלשאפטליכן און היסטארישן מהות, א אינסטרומענט צו אונטערדריקן און צו עקספלואטירן די הארעפאשנע מאסן; סיי אינעווייניק, סיי דרויסן באדינט זי די אינטערעסן פון די פריצים, פונ׳ם קאפּיטאליזם און פונ׳ם אימפעריאליזם.

ז י איז די שארפסטע פארטרעטערין פון דער וועלט־פאליטישער עקספּאנסיע, דער שטארקסטער טרייב־פעדער פון דעם וועלט־מיליטאריזם און, ממילא, איינער פון די הויפּט־פאקטארען אין דער אנטשטייאונג פון די סיבות פון דער איצטיקער מלחמה.

זי האט פּראוואצירט די דאזיקע מלחמה בשותפות מיט דער עסטרייכישער רעגירונג, און דערפאר פאלט אף איר די הויפט־אחריות פאר דעם אויסבראך פון דער מלחמה.

זי האט אינסצעניר ט די מלחמה, אפּנארנדיק די פאלקס־מאסן — און איצט פרווט זי מיט די מיאוסטע מיטלען אויפצוהאלטן בא די מאסן די מלחמה־שטימונג.

זי פירט די מלחמה לויט אזוינע מעטאדן, וואס זיינען אימה׳דיק, ווען מען זאל אפילו נעמען אין אכט דעם געוויינטליכן שטייגער ביז איצט (דער אנפאל אף בעלגיע און לוקסעמבורג, גיפט־גאזן —

* פון מינדליכע ערקלערונגען האט זיך ליבקנעכט בכלל אפּגעזאגט. ס׳איז באזונדער ס וויכטיק צו פארגלייכן דעם טאן פון די דאזיקע איינגאבן מיט ליבקנעכטס בריוו צו זיין פרוי און זיינע קינדער (זע די בריוו פונ׳ם אויספארשונגס־ארעסט.)

איצט באנוצן עס שוין אלע — צעפעלין־באמבעס... לואיזיטאניע...
קאנטריבוציעס אין בעלגיע...)

זי האט דורך דעם באלאגערונג־צושטאנד שרעקליך פארגרע־סערט די פאליטישע רעכטלאזיקייט און די עקאנאמישע עקספלוא־טאציע פון די פאלקס־מאסן, זי זאגט זיך אפ פון יעדער ערנסטער פאליטישער אדער סאציאלער רעפארם — אינדערצייט וואס דורך פראזעס וועגן גלייכקייט פון אלע פארטייען... וויל זי אויסנוצן די פאלקס־מאסע אין איר אימפעריאליסטישער מלחמה־פאליטיק.

זי האט זיך ארויסגעוויזן פאר אומפעאיק ווירטשאפטליך צו פארזארגן די באפעלקערונג — מחמת אירע אגרארישע און קאפיטאליס־טישע כונות: דערמיט האט זי געעפנט טיר און טויער פאר דער ספעקולאציע און פאר׳ן דלות פונ׳ם פאלק.

זי האלט זיך נאך בא היינטיקן טאג בא אירע אנעקסיאניס־טישע צילן, און דערפאר איז זי די הויפט־מניעה תיכף צו מאכן שלום... דורכן באלאגערונג־צושטאנד דערשטיקט זי יעדע סא־ציאליסטישע קריטיק... דערמיט באווייזט בשיימפערליך, אז איר כלומרשטע סיסטעם פון געזעצליכקייט און פאלקסטימליכקייט איז אין דער אמת׳ן א סיסטעם פון געוואלט, פון עכטער פאלקס־פיינד־ליכקייט און פונ׳ם שלעכטן געוויסן בנוגע צו די פאלקס־מאסן.

דער אויפרוף: „אראפ מיט דער רעגירונג״ האט געדאדפט אויסדריקן פאר דער מאסע פון דער באפעלקערונג די שעדליכקייט פון דער גאנצער רעגירונגס־פאליטיק. און אחוץ דעם איז דער טייטש פונ׳ם אויסרוף: אז דער חוב פון יעדן סאציאליסט, דער חוב פון יעדן פארטרעטער פון פראלעטארישע אינטערעסן איז דער שארפסטער קאמף, דער שארפסטער קלאסן־קאמף קעגן דער רעגירונג.

2... דער אויסרוף: „אראפ מיט דער מלחמה״! דארף אויסדריקן, אז לויט דעם היסטארישן מהות פון דער מלחמה, לויט אירע אלגע־מיינע געזעלשאפטליכע סיבות, און לויט דער פארם, ווי זי איז אנטשטאנען... און ווי זי ווערט געפירט,... פארמשפט איך זי פרינציפיעל.

3. ווי א סאציאליסט, בין איך א פרינציפיעלער קעגנער פון דער מלחמה און פון דער גאנצער מיליטער־סיסטעם . . . און איך האב תמיד אונטערשטיצט דעם קאמף קעגן דעם מיליטאריזם . . . די מלחמה לייגט ארויף דעם חוב צו פירן דעם אנטימיליטאריסטישן קאמף מיט א טאפלטער אנשטרענגונג.

4. דער 1־טער מאי ווערט פון 1889 יאר אן געווידמעט דער מאני־פעסטירונג און דער פראפאגאנדע פאר די גרויסע גרונד-געדאנקען פונ׳ם סאציאליזם . . .

מלחמה־צייט איז עס טאפלט א הייליקער חוב פון יעדן סאציאליסט.

5. די פאליטיק, וואס איך פארטרעט, שטיצט זיך אפ׳ן באשלוס פונ׳ם אינטערנאציאנאלן סאציאליסטישן קאנגרעס אין שטוטגארט . .

מיין פאליטיק איז ביזן סאמען סוף אינטערנאציאנאל . . . ווייל דורך איר אינטערנאציאנאלן רושם העלפט זי מיט דעם קלאסן־קאמף קעגן דער מלחמה.

פאר מיין פאליטיק האב איך געקעמפט עפענטליך פון אנהייב מלחמה אן; וואו איך האב נאר געקאנט, האב איך זיך פארבונדן מיט מיינע חברים אין אויסלאנד אויך (צ. ב. די נסיעה קיין בעלגיע און קיין האלאנד אין 1914, די בריוו צו דעם Labour Leader אין לאנדאן, די צוזאמענקומענישן אין דער שווייץ, ליידער האב איך איינער־אליין ניט געקאנט נעמען קיין אנטייל אין זיי — מחמת אויסערע סיבות,—)

6. די דאזיקע פאליטיק איז ניט נאר מיין פאליטיק; איך וועל זיך אן איר האלטן עס זאל מיר דאס קאסטן מי יודע וואס. דאס איז די פאליטיק פון א טייל פון דער באפעלקערונג, וואס ווערט אלץ גרעסער אין דייטשלאנד, און אין אנ־דערע מלחמה־פירנדיקע און נייטראלע מלוכות. ווי איך האף, וועט די דאזיקע פאליטיק איינגיכן — אוןי איך בין אנטשלאסן צו ארבעטן פאר דעם ווייטער אויך — ווערן די פאליטיק פונ׳ם פראלעטאריאט אין אלע לענדער. דעמאלט וועט דער פראלע־טאריאט האבן די מאכט צו ברעכן דעם ווילן פון די קלאסן, וואס הערשן איצט, און צו שאפן

צווישן די פעלקער אזויגע באציאונגען און אזא מצב, וואס זאל דינען דער טובה פונ'ם כלל.

ארמירונגס־סאלדאט ליבקנעכט.

II

בערלין, דעם 8־טן מאי 1916

צו דעם קיניגליכן קאמאנדאנטור־געריכט, בערלין.

צו דעם שטראף־ענין קעגן מיך האב איך נאך צוצוגעבן:

1. מלוכה־פאראט איז פאר א אינטערנאציאנאלן סאציאליסט א פולקומער אבסורד...

ער קעמפט אינ'ם נאמען פון דעם אינטערנאציאנאלן פראלעטעריאט קעגן דעם אינטערנאציאנאלן קאפיטאליזם. ער כאפט אים (דעם קאפיט. — א. וו.) דארטן, וואו ער האט אים פנים אל פנים, וואו ער קאן אים טרעפן שטארקער ווי אומעטום, דהיינו: אין זיין אייגענעם לאנד. אין אייגענעם לאנד באקעמפט ער — אינ'ם נאמען פון דעם אינטערנאציאנאלן פראלעטאריאט — די אייגענע רעגירונג, די אייגענע הערשנדיקע קלאסן, וואס זיינען די פארטרעטער פונ'ם אינטערנאציאנאלן קאפיטאליזם...

2. אויב די דייטשע סאציאליסטן וואלטן, למשל, באקעמפט די ענגלישע רעגירונג, און די ענגלישע סאציאליסטן וואלטן באקעמפט די דייטשע, וואלט עס געווען א פארס, אדער נאך ערגער. ווער עס באקעמפט דעם פיינד, דעם אימפעריאליזם, ניט בא יענע פארטרעטער, אנטקעגן וועלכע ער שטייט אויג אף אויג, נאר בא יענע, וואס זיינען ווייט פון אים און וואס ער איז ווייט פון זיי — דער איז ניט קיין סאציאליסט, נאר א קלאגעדיקער אפיציאזוס פון די הערשנדיקע קלאסן...

דערפאר האלט איך דא ניט פאר נויטיק צו פארנעמען זיך מיט די חטאים פון פרעמדע רעגירונגען, נאר דוקא מיט דער דייטשער רעגירונג, — יא, איך האלט אפילו פאר מיין חוב צו פארטיידיקן פרעמדע רעגירונגען קעגן ניט בארעכטיקטע אנפאלן, ווייל א ליגן טאר מען אין ערגעץ ניט שאנעווען, און ווייל בא היינטיקן טאג

דינען אזוינע ליגנס, מער ווי אלעמאל, דעם שמוציקן צוועק צו העצען איין פאלק אף דעם אנדערן און אויפצובלאזן די מלחמה-שנאה...

3. ...נאר אזוי קאן מארשירן די סאציאלע רע־וואלוציע פונ׳ם ארבעטער־קלאס אנטקעגן דער קאפיטאליסטישער מלחמה.

ארמירונגס־סאלדאט ק. ליבקנעכט.

III

בערלין, דעם 3־טן יולי 1916.

צו דעם קיניגליכ. קאמ.־געריכט בערלין.

צו דעם דורכגעלייענטן באשולדיקונגס־אקט האב איך צו באמערקן:

............איך האב ערפילט מיין חוב, אף ווייטער וועל איך זיך אויך ניט לאזן פארפירן און כ׳וועל טון דאס אייגענע; איך דארף זיך ניט פארטיידיקן...

רעדט מען שוין אבער יא וועגן מלוכה־פאראט, דארף מען אויס־הערן אט וואס:

מלוכה־פאראט איז געוועזן פון תמיד אן א פריווילעגיע פון די הערשנדיקע קלאסן, פון די פירשטן, פון די אריסטאקראטן: דאס גע־הערט שוין צו זייער בכבודיקסטער טראדיציע. די אמתע מלוכה־פא־רעטער זיצן נאך ניט היינט אפ׳ן באנק פון די באשולדיקטע, זיי זיצן נאך אין די קאנטארן פון דער שווער־אינדוסטריע, אין די פירמעס פון מוניציע, אין די גרויסע באנקן, אין די פריצישע מאיאנטקעס; זיי זיצן לעבן מאַלטקעס בריק, אין דער ווילהעלם־גאס און אונטער דעו לינדן, אין די פאלאצן פון די מיניסטארן און פרינצן, אין די שלעסער פון די פירשטן און אף די טראנען.

די אמתע מלוכה־פארעטער דאס זיינען אין דייטשלאנד: די פאר־אנטווארטליכע און ניט פאראנטווארטליכע לייט פון דער דייטשער רע־גירונג, די באנאפארטיסטן פונ׳ם שלעכטן סאציאלן געוויסן, יענע פאלי־טישע און קאפיטאליסטישע זאק־רויבער און וואַ־באנק־שפּילער, יענע אזשיאָטערן און פינאסירער מכל המינים, וואס האבן אונטערן שוץ פונ׳ם האלב־אבסאליוטיזם און פון דער געהיים־דיפּלאמאטיע, נאר צוליב

זייערע מיאוסע אינטערעסן, אזוי חוצפה'דיק פראוויצירט די מלחמה, — יענע פארשווינען, וואס האבן ארייגעשליידערט די מענטשהייט אינ'ם כאָאָס פון דער בארבארישער געוואלט, וואס האבן פארוואנדלט אייראפע אין א וויסטעניש און אין איין שטיק שמוץ, וואס האבן זי ארומגעהילט מיט אן אטמאספערע פון ליגן און פון צביעות . . .

IV

בערלין, דעם 10. 6. 16

צו דעם קיניגליכן קאמ-געריכט. בערלין.

דער באשולדיקונגס-אקט שטעלט מיט זיך פאר א זאמלונג פון היסטארישע לעגענדעס און פון שפראך-פארמעלן, וואס זיינען, געווייג-טליך, פאראן בא יעדער מאניפעסטירונג פונ'ם אפיציעלן פאטריאטיזם, בעת די דייטשע טעכניק פונ'ם מאסן-מארד פייערט אירע טריומפן.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . און אויב דער רייכסקאנצלער האט דא ניט לאנג געמאלדן אין רייכסטאג: „מיט די לייט ארום ליבקנעכטן וועט זיך דאס פאלק אפרעכענען נאך דער מלחמה" בין איך, פון מיין זייט, זיכער, אז דאס פאלק וועט זיך אפרעכענען גאר אין אן אנדער ריכטונג — און איך האף, אז טאקע ווי ס'באדארף צו זיין — און ניט גאר ערשט נ א ך דער מלחמה.

ארמירונגס-סאלדאט ליבקנעכט.

V

בערלין, דעם 21. 6. 16.

צו דער ק. ק. בערלין.

די מאטיוון, פארוואס איר האט מורא פאר ליכט, זייגען טאקע זעער וואגיק. איך דארף ליכט, כ'וועל זיך אבער ניט אפשרעקן פון דער פינצטערניש אויך. *

VI

פון ליבקנעכטס ערקלערונג אף דער הויפט-פארהאנדלונג, איבער-געגעבן דעם 26. 6. 1916

---

* די באשולדיקונגס-מאטעריאן קעגן ליבקנעכט'ן האט מען געהאלטן בסודי סודות, אפילו זיין פרוי און זיין ברודער האבן עס ניט געטארט זען. בכלל זייגען אלע אקטן פון ליבקנעכטס פראצעס אויפגעדעקט געווארן ערשט נאך דער „רעוואלוציע".

דעם באנאפארטיסטישן פרינציפ:

Plutot la guerre que l'insurrection *

שטעלט אים אנטקעגן דעם סאציאליסטישן:

Plutot l'insurrection, plutot la revolution que la guerre **

אונזער אויפגאבע איז — זיך ווענדן צו דער ארבעטערשאפט פון דער גאנצער וועלט און זיי זאגן: „צו דער ארבעט! סיי אפ׳ן פראנט און סיי אין לאנד, לאזט אראפ אייערע געווער און ווענדט עס קעגן דעם געמיינזאמען שונא, וואס נעמט בא אייך אפ די לופט און דאס ליכט״.

## VII

## דאס געריכט.

(אין ערשטער אינסטאנץ — 28־סטן יוני 1916)

אלע צוגאנגען צו דעם בנין פונ׳ם געריכט זיינען פארשטעלט דורך מיליטער. דער קליינער זאל פאר׳ן עולם איז איבערגעפאקט. נאך אלע צערמאניעס פונ׳ם מיליטערישן געריכט, לייענט מען דורך דעם באשולדיקונגס־אקט און מען לייגט פאר אויסצושליסן די עפנטליכ־קייט — און אפילו דעם דאזיקן פארשלאג לייגט מען אויך פאר צו בא־האנדלען געהיים.

דער פארזיצער: איר האט עפעס צו באמערקן דערצו?

ליבקנעכט: אף אט דעם אנטלויפן פון דער עפנטליכקייט האב איך זיך געריכט... ס׳ארא פחדנות מצד דעם דייטשן מיליטאריזם און מצד דער דייטשער מיליטער־יוסטיץ! איך פאדער אלץ זאל זיין עפענטליך: האט אף דעם מוט!

דער פארזיצער: אזוינע רייד טארן ניט דערלאזן ווערן, דער עולם מוז פריי מאכן דעם זאל...

נאך א געהיימען ישוב־הדעת באשליסט דער געריכט אויסצושליסן די עפנטליכקייט בשעת די פארהאנדלונגען.

ליבקנעכט: א מזל טוב דעם הער פאן בעטמאן־האלוועג!

דער פארזיצער: דער עולם מוז ארויסגיין.

אין זאל הויבט זיך אויף ליבקנעכטס עלטערער ברודער טעאדאר ל.:

---

* בעסער א מלחמה איידער אן אויפשטאנד.

** בעסער אן אויפשטאנד בעסער א רעוואלוציע — איידער א מלחמה!

איך לייג פאר מען זאלן לאזן בלייבן בא די פארהאנדלונגען די פרוי פון דעם באשולדיקטן, פרוי דר' ראזא לוקסעמבורג, זיין בעסטע פערזענליכע און פאליטישע פריינדין, און מיר, זיין ברודער.

פארזיצער: ווער עס וויל בלייבן אין זאל, דארף זיך מעלדן בא מיר.

כמעט אלע מעלדן זיך. נאך א קליינער באראטונג זאגט אָן דער פארזיצער, אז נאר עטליכע אפיצערן מעגן בלייבן.

טעאדאר ליבקנעכט, אויפגערעגט: כ'האב אייך ניט פארשטאנען; איך און די פרוי פונ'ם באשולדיקטן ווערן אויך אויסגעשלאסן.

דער פארזיצער: מיר האבן אלץ באקלערט.

קארל ליבקנעכט: (צו זיין פרוי און צו זיין ברודער, בעת זיי פארלאזן דעם זאל צוזאמען מיט דעם גאנצן עולם): גייט, גייט ארויס און לאכט זיך אויס פון דער גאנצער קאמעדיע.

די געהיימע פארהאנדלונג דויערט ניט לאנג. ק. ליבקנעכט לייענט דורך א קליינע ערקלערונג, אין וועלכער ער זאגט ארויס בקיצור דאס, וואס ער האט שוין געשריבן אין זיינע פריערדיקע שריפטליכע ערקלערונגען. פון עדות און פון די איבעריקע מיטלן זאגט ער זיך אפ. —

דער פראקוראר מאכט נאך אויפמערקזאם די איבערזעצער פון די אויסלענדישע צייטונגען, אז זיי דארפן פארשווייגן אלץ, וואס זיי הערן דא.

ק. ליבקנעכט: דאס אויך! מיינט ניט, אז מען וועט זיך ניט דערוויסן. וואס מער איר סטארעט זיך, אלץ ווייניקער וועט זיך אייך דאס איינגעבן . . . אָט אזוי ווי די זון שיינט דא אין זאל, אזוי וועט זיך די וועלט דערוויסן אלץ, וואס אירווילט פארבאהאלטן אין דער פינצטער. —

אלץ ווערט אפגעטון בקיצור . . .

ליבקנעכט ווערט פארמשפט אף 2 יאר 6 חדשים און 3 טעג תפיסה.*

דאס איז אבער פאר דער מיליטאריסטישער קאמארילע געווען צו ווייניק. דער „געריכטס־הער" געפינט איין, אז די שטראף איז צו קליין; ער וויל אומבאדינגט, אז דאס געריכט זאל בא ליבקנעכטן

* „Zuchthaus" אף רוסיש: אן ערך, קאטארגע; „penal servitude" אייגנטליך, קארעקציאנס־הויז — א שארפע פארם פון תפיסה.

צונעמען זיינע בירגערליכע ערן־רעכט: ק. ל. איז א מלחמה־פארעטער און זיין האנדלונג איז אן אויסדרוק פון זיין „ערלאזער געזינונג" — ער פאדערט, אז דער גאנצער ענין זאל באטראכט ווערן אין א צווייטער אינסטאנץ.

אף דעם ענטפערט ליבקנעכט גלייך אין עטליכע טעג ארום אין א בריוו „צו דער קיניגל. קאמענדאנטור."

„. . . . איר רופט מיך ערלאז, ווייל איך בין ניט קיין אגענט פון די האהענצאלערנס און פון קרופ'ן, נאר א באוואוסטזיניקער אינסטרומענט פון דער אינטערנאציאנאלער סאציאליסטישער דעמאקראטיע; ווייל איך בין ניט קיין מארק־שרייער פונ'ם פעלקער־האס, נאר א פראפאגאנדיסט פונ'ם פראלעטארישן קלאסן־קאמף און פונ'ם פעלקער־שלום...

פאר ערלאז, אויב ניט סתם פאר לצים, האלט איך יענע, וואס רופן מיך אן ערלאז.

ארמי.־סאלד. ליבקנעכט."

עס גייט ווייטער א קארעספאדענץ, וואו ליבקנעכט רעגיסטרירט זיך יעדן מאל, „אז אין דייטשלאנד רעגירט דער ליגן און דער אמת איז פארייאגט" — ביז עס קומט, סוף כל סוף, די 2־טע אינסטאנץ, דעם 23 אויגוסט 1916. דא חזרט זיך איבער פונקט די זעלביקע קאמעדיע מיט'ן אויסשליסן די עפנטליכקייט, מיט אויסשליסן די פרוי, * דעם ברודער — און ווייטער דאס שטאלצע: „אייער ערע איז ניט מיין ערע! אבער איך זאג אייך: קיין איין גענעראל האט נאך ניט געטראגן זיין אוניפארם מיט אזוי פיל ערע, ווי איך וועל טראגן די קורטקע פון א קאטארזשניק."

און דאס נביאישע ארויסרופן:

„דער פראקוראר האט קעגן מיר אויפגערופן דאס פאלק. איי טוט

* ראזא לוקסעמבורג איז שוין אונטער דער צייט אויך ארעסטירט.

צו איר ארעסט געפינט קארל ליבקנעכט צו מאכן אן „איינגאבע" „צו דעם קיניגליכן גוווערנעמאן־געריכט":

„צו דער שטראף־ענין קעגן מיך.

איך האב געהערט, אז דעם 10־טן מאי האט מען ארעסטירט מיין גוטן פריינט ראזא לוקסעמבורג . . . מען וויל איצט אינגאנצן פארניכטן די פרוי, וואס איר שוואכער גוף פארמאגט אזא גרויסע גליענדיקע נשמה, אזא דרייסטן לייכטנדיקן גייסט: זי וועט בכבודיק באשטיין אין דער געשיכטע פון דער מענטשליכער קולטור, בעת די 42־סאנטימעטער־העלדן פון דער מיליטאריסטישער בארבאריי וועלן פארזונקן ווערן אין דער פאראכטונג . . .

. . . ארמירונגס־סאלדאט ליבקנעכט."

עס טאקע, אבער ניט נאר מיט ווערטער, ניט נאר אין א פארהאנדלונג, וואס איז צענפאך פאריגלט, וואס פארבאהאלט זיך פונ׳ם פאלק ... רופט צונויף דאס פאלק, — דא אדער, וואו איר ווילט אליין, און די סאל־דאטן פונ׳ם פראנט, — וואו איר ווילט נאר! לאמיר ארויסטרעטן מיט א דין תורה פאר זיי, פאר זייער געריכט! — פון איין זייט איר אלע, די גאנצע געריכטס־קאמער, די פארטרעטער פון דער באשולדי־קונג, און אויך די הערן פון דארטן, פון גענעראל־שטאב, פונ׳ם קריגס־מיניסטעריום ... און ווען איר ווילט נאר — פון דער אנדער זייט, איך איינער אליין אדער מיט איינעם פון מיינע גוטע פריינט, וואו וועט שטיין די מאסע פונ׳ם פאלק, בעת מען וועט אראפרייסן פון זייערע אויגן דעם פארהאנג פו׳נם שווינדל, אף מיין צד אדער אף אייער צד — איך צווייפל ניט.

אראפ מיט דער רעגירונג!

אראפ מיט דער מלחמה!״

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ליבקנעכט ווערט איצט פארמשפט אף פיר יאר און איין חודש תפיסה; א חוץ דעם פארלירט ער זיינע בירגערליכע ערן־רעכט אף זעקס יאר.

— — — — — —

ער גייט אוועק הינטער דעם אייזערנעם טויער פון לוקוי, מעשה ערבות־מאן פונ׳ם פראלעטארישן כבוד, הינטער די מויערן פון דער תפיסה ווערט ליבקנעכט דער שטארקסטער מאראלישער פערמענט פונ׳ם דייטשן ארבעטער־קלאס. דער טאג, וואס קארל ליבקנעכט איז געווארן פארמשפט, איז געווען דער טאג פונ׳ם ערשטן גרויסן פאליטישן שטרייק אין דייטשלאנד. טויזנטער פראלעטאריער שעפן אין זיין נאמען זייער רעוואלוציאנערן מוט, די מאראלישע ענערגיע פון די מאסן ברעכט דורך די ווענט פון לוקוי און שטראמט צוריק צו ליבקנעכטן, זיינע שטריכן ווערן הארטער — קוקט זיך צו צו ליבקנעכטס א בילד פאר דער תפיסה און נאך דער תפיסה, וועט איר זען דעם טראגישן קנייטש, וואס האט זיך געלייגט אף זיין פנים: איר האט דא צו טון מיט א נייעם, מיט אן אויס־געלייטערטן מענטשן, בעת איר לייענט זיינע בריוו, שפירט איר ווי ער וואקסט אינעווייניק, זיין מאראל ווערט אלץ ריגאריסטישער,

אַלץ אומפּערזענליכער, אַלץ אַסקעטישער. זײַן קוק ווערט אַלץ מער Sub specie aeternitatis ... דערמאָנען דען ניט זײַנע בריוו צו די קינדער אָן לאַווראָוו'ס צוואה צו דעם עלטערן דור פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערן — וועגן דעם „פּרייז פון פּראָגרעס": „יעדער געדאַנק, יעדע באַקוועמליכקייט, וואָס דו האָסט, זײַנען געקויפט מיט'ן בלוט און שווייס און יסורים פון מיליאָנען, דו ביסט אַן אייביקער מאָראַלישער בעל־חוב!" ... ס'איז אים אינגאַנצן פרעמד, פּשוט, אומאָנגענעם דער געדאַנק, אַז די ראַטן־רעגירונג איז זיך משתדל פאַר זײַן באַפרייאונג; ער וואַרט אָף אַן „אַנדער קראַפט, אָפ'ן פאָלקס־קראַפט": אָף דער רעוואָלוציאָנערן שטורעם פון ד ײ ט ש ן פּראָלעטאַריאַט אַ ל ײ ן. דערווײַל, כל זמן אַזאַ צײַט איז נאָך נ י ט געקומען, איז זײַן לאָזונג: אַ ר ײַ ן א י ן ד י ת פ י ס ו ת!

אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, אָנגעוויזן אָפ'ן רעגלאַמענט פון דער תּפיסה, קאָן ער זיך „זען" מיט זײַן פרוי און מיט די קינדער נאָר איינמאָל אין דרײַ חדשים. זײַנע בריוו גייען דורך אַ שטרענגע צענזור, ער מוז שרײַבן מיט רמזים; אין אַ לאַקאָנישער באַמערקונג, אין אַ אָפּגעהאַקטן זאַץ זעט זיך אַרויס, ווי אינטענסיוו ער לעבט איבער אַלץ, וואָס עס קומט פאַר „הינטער די ווענט", מערקווירדיק זײַנען אין דעם פּרט זײַנע בריוו, וואו ער רעדט וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע, אין זײַנע פּאָר שורות שטעקט אַן אומגעהייער טיפערער פּאָליטישער פּראָגנאָז, ווי אין די דעמאָלטיקע „געלערנטע אַרטיקלען" פון קויטסקין ... ער ציטערט פאַר יעדן טריט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, ער שפּירט די שווערע אחריות, וואָס ליגט אָף דער דײַטשער אַרבעטערשאַפט און ער רופט פון דער תּפיסה: „אַרויס אָפ'ן גאַס! פרויען אַרויס, מענער אַרויס!" ... אין דערזעלביקער צײַט גייט די אינעווייניקסטע אַרבעט איבער זיך: האָמער, דאַנטע, שעקספּיר מילטאָן, דאָסטאָיעווסקי ... די אַרבעט איבער זײַנע „באַוועגונגס־געזעצן", איבער זײַן „ביבליאָטעק", אַ פּראָיעקט וועגן דעם, ווי מען דאַרף באַקעמפן דאָס פאַרברעכערטום.

— און דאָס אַלץ ווערט געטון נאָר אין די פרײַע געציילטע מינוטן, ווען ער איז פרײַ פון דער אַרבעט: פון דער שוסטערײַ און פון קלעפּן די שקאַרמוצן ...

און אַזוי גייט אַוועק אַ יאָר נאָך אַ יאָר, ביז עס ווערן אָף איין

ווײלע מקוים די רייד׳ מיט וועלכן די ספּאַרטאַקוס־לײט האָבן באַגלייט ליבקנעכטן אין די תּפיסה: „אַ גוטן׳ ביז יענעם טאָג׳ ווען דער דייטשער פּראָלעטאַריער וועט צעברעכן זײנע קייטן און וועט דיך ווידער אַוועקשטעלן בראָש פון די רעוואָלוציאָנערע מחנות״·

* * *

ווי נאָר ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אין דייטשלאַנד די ערשטע רעוואָלוציאָנערע כוואַליע׳ איז ליבקנעכטס נאָמען געוואָרן דער סימבאָל פון אַלץ׳ וואָס איז געווען פײנדליך צו דעם קייזערליכן רעזשים· די פאָדערונג אים צו באַפרייען נעמט אָן דעם שטורמישן כאַראַקטער פון אַן אַלגעמיינער „פאָלקס־פאָדערונג״· דער דרוק פון די מאַסן ווערט אַזוי שטאַרק׳ אַז דער אַלטער רעזשים — שוין אַ שעה פאַר׳ן טויט — איז געצוואונגען צו באַפרייען ליבקנעכט׳ן· ער קומט קיין בערלין מעשה טריומפאַטאָר·

די ידיעה וועגן זײן באַפרײאונג פאַרשפרייט זיך איבער דער גאַנצער שטאָט אין אַ משך פון עטליכע שעה. צענדליקער טויזנטער קומען צולויפן צום וואָקזאַל··· „דער וואָקזאַל איז פול מיט מענטשן· פרויען מיט בלומען· אַלע וואַרטן· סוף כּל סוף קומט אָן דער צוג· מען זוכט ליבקנעכטן ··· ליבקנעכט ציטערט פון אויפרעגונג ··· זײן קאָפּ איז עפּעס פאַרוואָרפן אויף הינטן׳ זײן האַרטער׳ בלייכער פּנים קוקט אַרויס פון אונטער דעם שוואַרצן הוט ··· מען רייסט אים אַרויס· האָך — אויסרופן ברויזן אַדורך דעם גאַנצן וואָקזאַל· אַלע האָבן זיך אַ ריר געטון׳ אַ געדראַנג — אויסרופן· מען טראָגט אים אויף די הענט איבער דער גאַנצער מאַסע ··· אַן אָפיצער׳ אַ דאָקטאָר רייסט זיך דורך צו אים און באַגריסט אים· בײַם פּעראָן־אַרויסגאַנג שטייט אַ יונגער סאָלדאַט· ער רייסט אַראָפּ די היטל· „Nieder mit der Regierung, Hoch Liebknecht!״· דער קאַטאָרזשניק און דער יונגער סאָלדאַט גיבן זיך די הענט ··· ליבקנעכט ווענדט זיך צו דער מאַסע און פּרוּווט ריידן· מען הערט ניט זײן שטים אין די אויסרופן פון דעם עולם ··· פאַר׳ן וואָקזאַל — נײַע דעמאָנסטראַציעס· ווייטער די אויסרופן: Hoch Liebknecht, Nieder mit der Regierung! ··· און אַזוי ציט זיך די פּראָצעסיע פאַרבײַ דעם פּאָטסדאַמער פּלאַץ׳ וואו ליבקנעכט׳ן האָט מען אַרעסטירט ··· פאַרבײַ דער רוסישער ראַטן־געזאַנדשאַפט ···״

דאס איז געווען עטליכע וואכן פאר דער רעוואלוציע

דעם 9· נאוועמבער האט אויסגעבראכן די דייטשע רעוואלוציע. די ערשטע מעלדונג פון דעם בערלינער ארבעטער־און־סאלדאטן־ראט איז געווען: „קארל ליבקנעכט האט אויסגעהאנגען די רויטע פאנע אפ׳ן קיניגליכן שלאס!״

* * *

מיט דער פראנט־קאטאסטראפע פונ׳ם דייטשן אימפעריאליזם איז בא די ברייטסטע מאסן פארשוואונדען די אילוזיע וועגן זיין אלמאכט. מיליאנען ארבעטער און סאלדאטן האבן זיך מיט איינמאל אויפגעהויבן קעגן די גאנצע סיסטעם, וואס האט זיי פארשקלאפט און געמאטערט אין משך פון 4 און האלב יאר. אין איין טאג איז צוזאמען מיט די דינאסטיעס, אין פלוג, געפאלן אויך די גאנצע קונציקע אונטערדריי־קונגס־מאשין פון דעם דייטשן האלב־אבסאלוטיזם. ווי פון אונטער דער ערד זיינען ארויסגעוואקסן די סאלדאטן און ארבעטער־ראטן, וואס האבן פארמעל איבערגענומען אין זייערע הענט דעם גאנצן מלוכה־אפאראט.

אזוי סאציאליסטיש האט אויסגעזען אין די ערשטע טעג די פארם פון דער דייטשער נאוועמבער־רעוואלוציע.

און איר אינהאלט?

איצט קאנען שוין אף דער דאזיקער פראגע קיין צוויי תשובות ניט זיין. דער אינהאלט איז געווען בירגערליך. דעם אויסער־ליכן נצחון האבן די ראטן געהאט צו פארדאנקען דעם אינעווייניקסטן באנקראט פון דער אלטער מאנארכיע: דער פליטה פון די גענעראלן, פריצים און פאבריקאנטן, וואס האבן זיך פאר שרעק אף א ווײלע (אויסערליך) אפגעזאגט פון דער מאכט. אין גרונט, האבן זיי איבער־געלאזן זייער מאכט אין זיכערע הענט. די ערשטע אויפגאבע, וואס די „סאציאליסטישע״ רעגירונג — עבערט־נאסקע־שיידעמאן — האט זיך געהאט געשטעלט, איז געווען די אפהיטונג פונ׳ם בורזשואז־פריצישן אייגענטום און פון דער אלטער מאנארכיסטישער ביוראקראטיע. —

דער בירגערליכער אינהאלט פון דער נאוועמבער־רעוואלוציע איז פאר ליבקנעכטן, וואס ארבעט איצט האנט בא האנט, מיט רואזא לוקסעמבורג, געווען קלאר שוין אין די ערשטע וואכן נאך דער רעווא־

לוציע׳ שוין דעם 20־טן נאוועמבער ווייזט ער אויף אין דער Rote Fahne אף דער טראגישער סתירה צווישן דער פראלעטארישער פארם און דעם בורזשואזן אינהאלט פון דער דייטשער רעוואלוציע׳ פון דער דאזיקער סתירה זעט ער פארויס נאר צוויי אויסוועגן: אדער די פארם וועט צוגעפאסט ווערן צום אינהאלט׳ אדער דער איינהאלט וועט צוגעפאסט ווערן צו דער פארם׳ צו דער ערשטער מיגליכקייט פירט די פאליטיק פון דער „סאציאליסטישער״ רעגירונג׳ דער דאזיקער פאליטיק מוז אנטקעגנגעשטעלט ווערן דער רעוואלוציאנערער דראנג פון דער ארבעטער־מאסע׳ די צווייטע מיגליכקייט קאן׳ געוויינטליך׳ ניט דורכגעפירט ווערן אין איין טאג: דער שונא איז ניט צעשמעטערט ער פארבאהאלט זיך נאר׳ ליבקנעכט זאגט קלאר ארויס׳ „דאס׳ וואס עס איז״: די סאלדאטישע מאסע איז פאליטיש־אומרייף׳ אין די סאלדאטן־ראטן הערשן אפיצערן און בורזשוא; אין די ארבעטער־ראטן זיינען פאראן זייער ווייניק באוואוסטזיניקע כוחות׳ וואס זאלן פאר זיך זען קלאר דעם לעצטן ציל און די מיטלען צו דער פראלעטארישער דיקטאטור; די קאנטער־רעוואלוציאנערער סכנה מצד דער ארמיי וואקסט וואס פון טאג׳ די סאציאליסטישע רעגירונג ניט נאר וואס זי באקעמפט ניט די דאזיקע סכנה׳ זי העלפט נאך מיט דער קאנטער־רעוואלוציע׳ . . דער איינציקער אויסוועג איז אפעלירען צו דער מאסע: אגיטירן צווישן די ארבעטער! אגיטירן צווישן די סאלדאטן! באוואפנען די ארבעטערשאפט! אנטוואפנען די אפיציערן! נאר אזוי קאן מען ראטעווען די דערגרייכונגען פון דער רעוואלוציע׳ נאר אזוי קאן מען די דאזיקע דערגרייכונגען פארטיפן׳ דאס איז אן ארבעט אף א לאנגע צייט׳ די רעוואלוציע שטייט נאך איצט באם סאמען אנהייב׳ קיין שום היסטארישע סאלטא־מארטאלעס זיינען ניט מיגליך!

די גאנצע קאמוניסטישע פארטיי האט צו יענער צייט ארומגענומען נאר א קליינעם פראצענט פון דער גאנצער ארבעטערשאפט׳ ליבנעכט׳ן שרעקט עס אבער ניט אפ׳ ער האט ניט מורא׳ וואס די דאזיקע מינדערהייט האט זיך אפגעשפאלטן פון דער „אומאפהענגיקער פארטיי״׳ ער ווייס׳ אז „די געפערליכסטע לייט בשעת א רעוואלוציע׳ זיינען יענע׳ וועלכע ווייסן ניט׳ וואס זיי ווילן״ — און דאס זיינען געווען די „אומאפהענגיקע״ — יעדער היסטארישער אויפטו פאדערט קודם כל

א קאנצענטראציע פונ׳ם ווילן· „איינִיקייט אין גייסט· אינם ווילן אין מעשים — נאר דאס איז א אמת׳ע איינִיקייט· איינִיקייט אין דער פראזע— איז א זעלבסט־אפנארעניש· אדער א ליגן”. און אינ׳ם נאמען פון דער דאזיקער קלארקייט איז ער פאר דער גרינדונג פון א זעלבשטענדיקער קאמוניסטישער פארטיי· זי ווערט די טרעגערין פון דער פראלעטא־רישער רעוואלוציע· זי דארף צוציען, צו זיך די גאנצע ארבעטערשאפט·

ליבקנעכטווארפט זיך אריין מיט׳ן גאנצן ברען אין דער אגיטאציע, פראפאגאנדע· אין דער ארגאניזאציע פון דער ארבעטער מאסע· ער ארבעט טאג און נאכט: אין דער רעדאקציע פון דער Rote Fahne· אין דער צענטראלע פון דער ניי־געגרינדעטער קאמו־ניסטישער פארטיי און אף די מאסן פערזאמלונגען· — די וואס האבן געהערט ליבקנעכטן אין די חדשים· ריידנדיק אין א מאסן־פארזאמ־לונג· קאנען ניט פארגעסן דעם גוואלטיקן רושם פון זיין פערזענ־ליכקייט· זיין אפאָקאליפּטישער עקסטאז פלעגט פארכאפן אפילו די קעגנער· א רעכטער־סאציאליסט· דערצו נאך אן אפיצער, באַ־שרייבט אזוי דעם רושם פון ליבקנעכטס שטייגער־ריידן: „די הויפּט־רעדנער זיינען בארט· ליבקנעכט· עבערט·* דעם גרעסטן רושם מאכט ליבקנעכט· זיין שטייגער ריידן און זיין זשעסטיקולאציע פארכאפן ממש· ער ווירקט ווי אַ רעליגיעזער קעמפער פונ׳ם מיטל־אלטער· ער שטייט אף דער בינע· פארווארפן אף צוריק דעם אויסגעמאָגערטן אסקעטן־קאפ· די אויגן קוקן אין דער ווייטקייט· קיין אנדער זאך· זעט ער ניט· ער רעדט פאמעליך· איינדרוקספול· יעדער זאץ איז פלאסטיש אפגעטאקט”· · ·

אפן פאָן פון דער דייטשער „געזאנגלאזער רעוואלוציע” זיינען קארל ליבקנעכט צוזאמען מיט ראזא לוקסעמבורג געווען די איינציקע גרויסע העראישע פיגורן· וואס האבן אין זיך געטראגן די גאנצע פאעזיע פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע· אין דער רעוואלוציע האט ליבקנעכט דערגרייכט דעם העכסטן פונקט פון זיין לעבן· זיין אלע ארויסטרעטונגען אין משך פון די לעצטע צוויי חדשים טראגן אף זיך דעם שטעמפל פון א רעוואלוציאנערן מעסיאניזם: די ברייטע ארבעטער־מאסן פילן אין אים אינסטינקטיוו זייער משיח·

* דאָ רעדט זיך וועגן דער ערשטער פארזאמלונג פון די ארבעטער־ און סאלדאטן־ראטן אין בוש׳ס צירק·

אזוי האבן אים געקענט די ארבעטער־מאסן אין דער רעוואלוציע — דעם ניכטערן מארקסיסט, וואס וועגט אויטליכס מאל אפ די סאציאלע כוחות־פארהעלטנישן, האבן געקענט זיינע נאענטע מיטארבעטער...

וואס מער עס וואקסט ליבקנעכטס איינפלוס אין דער ארבעטער־מאסע, אלץ גרעסער און שמוציקער ווערט קעגן אים די העצע מצד דער בירגערליכער, און סאציאל־פארעטערישער פרעסע, די גאנצע שמוץ, וואס עס שטעקט אין די בירגערליכע „ברונים־פארגיפטער פונ׳ם פאלקס־גייסט״, האט זיך א לאז געטון אף ליבקנעכט׳ן: מען האט אים באַ־שולדיקט אין פאליטישן אוואנטיוריזם, אין שווינדל, אין בלוט־דארשטי־קייט, אין קרענקליכער זעלבס־ליבע. מען האט אפן גערופן צו א פאליטישן מארד. עטליכע מאל רינגלט מען אים ארום אין גאס און מען וויל אים שוין לינטשן, איטליכס מאל ראטעווען אים ארויס די ארבעטער. ליבקנעכט טוט זיך ווייטער זיין ארבעט... ביז עס קומט דער יאנואר אויפשטאנד, ווען די מיליטאריסטישע קליקע און די „פרעסע״ דערגרייכן זייער ציל.

— — —

דער יאנואר־אויפשטאנד איז געווען דער ערשטער פרווו פונ׳ם בערלינער רעוואלוציאנערן פראלעטאריאט צו ראטעווען דעם כבוד פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע און אָפן ארויסצוטרעטן מיט רעוואלוציאנערע מעשים קעגן דעם פאראט פון דער „סאציאליסטישער״ רעגירונג.

די איינציקע ר ע א ל ע מאכט, וואס איז נאך געבליבן בא דעם בערלינער פראלעטאריאט פון אלע „דערגרייכונגען״ אין דער נאָ־וועמבער־רעוואלוציע, איז געווען דער בערלינער פאליציי־פרעזידיום. כל זמן מען האט נאך געהאט אין זיכערע הענט דעם פאליציי־פרע־זידיום, האט נאך בערלין אלץ געקאנט ווערן דער באזיס, פון וואנען מען האט געקאנט אנהויבן ווייטערדיקע רעוואלוציאנערע אפעראציעס. פון נאוועמבער אָן איז געשטאנען בראש פונ׳ם בערלינער פאליציי־פרעזידיום דער קאמוניסטיש־אריענטירטער „אומאפהענגיקער״ אייכהארן, און ער איז געשטאנען ווי א דארן אין אויג דער גאנצער בורזשואזיע און די „סאציאליסטישע״ ארדנונגס־היטער. זייער פרעסע הויבט אויף א ליגן־קאמפאניע קעגן דער „אנארכיע״, וואס הערשט אין פאליציי־פרעזידיום און בכלל אין דער הויפט־שטאט. —

דעם 4טן יאנואר 1919 האט די רעגירונג אראפגעזעצט אייכהארנען פון זיין פאסטן.

דאס איז געווען א דירעקטע פראוואקאציע; דער פראלעטאריאט פון בערלין האט זיך געמוזט נעמען צו וואפן, ווייל דא איז געשטאנען אין קאן דער מאראלישער קרעדיט פון דער גאנצע דייטשער רעוואלוציע. פון אנהייב האט זיך געהאנדלט נאר וועגן פאליציי־פרעזידיום. קיין וויכטערדיקע צילן איז מען דערביי ניט געווען אויסן. די מאסע איז ארויס אפ׳ן גאס און האט געזיגט. סטיכיש איז זיך אבער דער קאמף פאנאנדערגעוואקסן ברייטער, און ס׳איז שוין פון זיך ארויסגעשוואמען דער לאזונג אראפצווארפן די עבערט־שיידעמאן־רעגירונג. לויט די כוחות־פארהעלטנישן פון יענער צייט האט ליבקנעכט — ווי נאך עטליכע פירער פון דעם יאנואר־אויפשטאנד — געוואוסט, אז ס׳איז נאך צו פרי ארויסצושטעלן דעם צענטראלן־לאזונג פון דער רעוואלוציע — די פראלעטארישע דיקטאטור. אבער ווען די מאסע איז שוין געווען אין קאמף, איז ליבקנעכט ניט געווען פון די, וואס הויבן אן דעמאלט צו רעזאנירן.

זונטאג דעם 5. יאנואר * קומט פאר אין דער זיגעס־אלעע א גוואלטיקע דעמאנסטראציע — פראטעסט קעגן דער אראפזעצונג פון אייכהארנען. ליבקנעכט רעדט פאר א טויזנט־קעפיקן עולם, ער פאדערט מען זאל ניט אוועקגעבן דעם פאליציי־פרעזידיום אין די הענט פון דער קאנטר־רעוואלוציע. נאך דער דעמאנסטראציע גייט ליבקנעכט אוועק אין די רעדאקציע פון דער Rote Fahne. שוין אין רעדאקציע דערוויסט ער זיך, אז די דעמאנסטראנטן האבן פארנומען די רעדאקציע פונם סאציאל־פארעטערשן צענטראל־ארגאן: „פארווערטס" און די רעדאקציעס פון אלע בירגערליכע צייטונגען. תיכף ווערט ארויסגעלאזן אן אויפרוף צו א מאסן־שטרייק און צו דעמאנסטראציעס — אף מאנטאג דעם 6־טן יאנואר. נאך דער דעמאנסטראציע פארט ליבקנעכט אוועק מיט א דראשקע צום מארשטאל, וואו ס׳האט זיך געפונען דער גאנצער רעוואלוציענערער גענעראל־שטאב. אפ׳ן וועג האבן אים ארומגערינגלט א פאר צענדליק „בירגער"; מען האט אים שון

* ליבקנעכטס לעצטע טעג זיינען גענוי באשריבן פון אן ארבעטער, וואס איז די גאנצע צייט פונ׳ם יאנואר־אויפשטאנד געווען לעבן אים.

געוועלט לינטשן. איינער א סאלדאט האט א שריי געטון: „ליבקנעכט געפינט זיך אין א סכנה!” תיכף זיינען זיך צונויפגעלאפן באוואפנטע סאלדאטן און האבן אים באפרייט. ליבקנעכט באדאנקט זיינע באַפרייער און פארט אף די פארהאנדלונגען אין מארשטאל. אונטער דער צייט האט זיך שוין אנגעהויבן א שיסעריי ארום דעם פאליציי־פּרעזידיום. די גאנצע נאכט גייט אוועק אין בּאַראטונגען מיט די רעוואַלוציאנערע פירער. דעם אנדערן טאג זיינען שוין געווען אין די הענט פונ׳ם באוואפנטן פּראלעטאריאט א גאנצע ריי רעגירונגס־בנינים. די נאכט נעכטיקט ליבקנעכט אין דער בעטצא־ברויעריי אף א בילארד־טיש. פונ׳ם סאמען פרי־מארגן הויבן זיך אן נייע באראטונגען, און אזוי גייט אוועק דער גאנצער טאג. אין דער צווישן־צייט טרעט ער ארויס פאר די רעוואלוציאנער מאסן... דעווייל איז ער שטארק באאומרואיקט וועגן זיין פאמיליע; ער האט מורא, אז מען וועט ארעסטירן זיין פרוי; בא יעדער מיגליכקייט זעט ער זיך טעלעפאניש צו פארבינדן מיט איר. בעת דער טעלעפאן האט שוין טיילווייז אויפגעהערט צו פונקציאנירן און די טעלעפאניסטין האט אים ניט געוועלט פארבינדן, טוט ער א זאג: „פריילין, אויב איר וועט מיך ניט פארבינדן אין משך פון 10 מינוט, וועט אייער אמט זיין באזעצט”. מען האט אים תיכף פארבונדן...

דעם 9־טן יאנואר האט ער ווידער גענעכטיקט אין דער ברויעריי. דער טאג גייט אוועק אין נייע באראטונגען און אונטרהאנדלונגען — אפ׳ן וועג צום פאליציי־פּרעזידיום דערקענט איינער א מאטראס ליבקנעכטן; ער פאלט אָן אף ליבקנעכט׳ן, זידלט אים מיט די לעצטע ווערטער און זאגט אים, אז ער (ליבקנעכט) טראגט די אחריות פאר אלע קרבנות פון די לעצטע טעג. ליבקנעכט שטעלט זיך אפּ און רעדט מיט אים אריין אזוי לאנג, ביז זיי גייען זיך פאנאנדער מעשה גוטע פריינט...

זונטאג דעם 11 יאנואר האבן שוין נאָסקעס חילות צוריק באַזעצט די רעדאקציע פון „פאָרווערטס”. דעם 12־טן איז שוין געווען אונטערגעדריקט די גאנצע באוועגונג. עס הויבט זיך אן די שחיטה פון דער רעוואלוציאָנערער אַרבעטערשאפט און די פּאגראם־העצע קעגן די פירער.

חברים ראטן ליבקנעכטן און לוקסעמבורגן, זיי זאלן אף א קורצע

צייט פארלאזן בערלין: זייער לעבען איז אין געפאר; שוין פאר׳ן יאנוואר־אויפשטאנד פלעגט מען אפט קאנען געפינען אף בערלינער פלאקאט־זיילן אנאנימע צעטלעך, וואו די בורזשואזיע האט אפן געפאדערט מען זאל מארדן ליבקנעכטן און לוקסעמבורג; דער צענטראַל־ארגאן פון די שיידעמענער, „דער פארווערטס" שרייבט דעם 13 יאנואר, אז די טעג וועט מען זיך „אפרעכענען מיט די פירער פונ׳ם בירגער־קריג און מיט די פראלעטאריער־מערדער" ... אבער ליבקנעכט און לוקסעמבורג בלייבן פארט אין בערלין; יעדע נאכט בייטן זיי זייערע דירות, זיי פירן ווייטער די גאנצע פארטיי־ארבעט, רעדאקטירן די Rote Fahne, גרייטן צו נייע מאסן־פארזאמלונגען ... ביז מען ארעסטירט זיי ביידן אין איין טאג און אין איין שעה — דעם 15 יאנואר 1919. מען פירט זיי ביידן אוועק אינ׳ם גענעראל־שטאב פון דער מיליטערישער קאנטער־רעוואלוציע, אינ׳ם „עדען־האטעל"

דער ארעסט איז פארגעקומען האלב צען א זייגער פונאוונט. אין א שעה ארום איז שוין ליב־קנעכט געווען טויט.

די אומשטענדן, בא וועלכע ס׳איז פארגעקומען דער מארד פון ליבקנעכטן (און לוקסעמבורג), זיינען נאך ביז היינטיקן טאג ניט אינגאנצן אויפגעקלערט. די קאמעדיע פון דער אונטערזוכונג, פונ׳ם פראצעס און דער נאכשפיל צום פראצעס האבן נאר אן איבעריקן מאל באוויזן, אז אינ׳ם נאך־„רעוואלוציאנערן" דייטשלאנד, אין דייטשלאנד פונ׳ם סאציאלן־פאראט, זיינען אנגעקומען די בעסטע צייטן פאר מערדער פון רעוואלוציאנערע פירער ...

בורזשואזע געריכטן וועלן קיינמאל ניט וועלן און ניט קאנען אויפקלערן דעם דאזיקן אכזריותדיקן דאפלט־מארד, וואס האט קיין גלייכן ניט אפילו אין דער פארברעכערישער געשיכטע פון דער קאפיטאליס־טישער וועלט: ווייל דער מארד פון קארל ליבקנעכט׳ן און (ראזא לוקסענבורג) איז נאר א קולמינאציאנס־פונקט אינ׳ם קאמף פונ׳ם אלטן מיליטאריסטישן דייטשלאנד מיט דעם אוואנגארד פון דער פראלעטא־רישער רעוואלוציע, ווייל קארל ליבקנעכט איז דער סימבאל פון טויזנטער פראלעטארישע קדושים, וואס זיינען געפאלן אין דעם דאזיקן „אנטשיידענדעם קאמף."

— משפטן די מערדער פון די דאזיקע געפאלענע פראלעטאריער

הייסט משפטן: די גאנצע מיליטאריסטישע קליקע פון דייטשלאנד, די גאנצע דייטשע „גאלדענע יוגנט" די גאנצע בירגערליכע פרעסע און אַלע „סאציאליסטישע" פארעטער, וואס האבן באוואפנט די בורזשואזיע, די סטודענטן און די אפיצערן... אפ'ן באשולדיקונגס באנק דארפן זיצן די ריכטער אליין — און די גאנצע בלוטיקע קאַ־פיטאליסטישע ארדענונג.

און משפטן וועט מען זיי אלעמען קאנען נאר דעמאלט, בעת עס וועלן זיגן די לאזונגען פאר וועלכע די מארטירער זיינען געפאלן.

איינער פון די שטארקסטע וואפנס אפ'ן וועג צום זיג איז דער קאמוניסטישער מיטוס, וואס וועבט שוין ארום קארל ליבקנעכטס מארטירער־לעבן און מארטירער־טויט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

„און עבערט־שיידעמאן האבן געזיגט. * זיי האבן געזיגט ווייל די גענעראלן, די ביוראקראטיע, די פריצים, די גלחים, די געלד־זעק און אלץ, וואס איז טעמפ, באגרענעצט, רעאקציאנער, — ווייל דאס אלץ איז געווען אף זייער צד. און האט געזיגט פאר זיי מיט קארטעטשן, מיט גאז־באמבעס און מיט מינען־ווארפערס.

עס זיינען אבער פאראן אזוינע מפלות, וואס זיינען נצחונות; און נצחונות, וואס זיינען געפערליכער ווי מפלות.

ווייל די געפאלענע האבן געקעמפט פאר א גרויסער זאך, פאר דעם איידעלן ציל פון דער געפייניקטער מענטשהייט, פאר די גייסטיקע און מאטעריעלע דערלייזונג פון די אויסגעמאטערטע מאסן.

פון יעדן טראפן בלוט... פון יעדן אויפגעריסענעם אדער וועלן אויפשטיין נייע קעמפער פאר דער געהויבענער זאך, וואס איז אייביק, ווי דער הימל־געוועלב...

פאר די לעבעדיקע סטיכישע כוחות פון דער סאציאלער רעוואלוציע... איז יעדע מפלה נאר דער וועג צום נצחון!

און די זיגער? זיי האבן געטון זייער בלוט־ארבעט פאר א שענד־ליכער זאך, פאר די כוחות פונ'ם עבר...

זיי זיינען שוין היינט באזיגט! ווייל זיי זיינען שוין היינט

* דאס זיינען קארל ליבקנעכטס לעצטע שורות — א לייטארטיקל אין דער Rote Fahne פון 15 יאנואר 1919, — געווידמעט די קרבנות פון דער יאנואר־וואך.

געפאנגענע פון יענע, וועמען זיי האבן געוועלט אויסנוצן פאר א ווערק־צייג, און וועמעס ווערקצייג זיי זיינען געווען אליין . . .

זיי שטייען שוין היינט צוגעשמידט צום שאנד־סלופּ פון דער געשיכטע . . .

„ספּארטאַקוס איז באזיגט!"

יא, מיר זיינען ניט אנטלאפן! מיר זיינען ניט צעקלאפּט! און ווען איר זאלט אונז שמידן אין קייטן — מיר זיינען אלץ דא! און מיר בלייבן דא! און דער נצחון וועט זיין **אונזערער**.

ווייל ספּארטאקוס — איז דער טייטש: פייער און גייסט, דאס איז דער טייטש: נשמה און הארץ, דאס איז דער טייטש: ווילן און מעשים פון דער פּראלעטארישער רעוואלוציע, און ספּארטאקוס — דאס איז דער טייטש: די גאנצע נויט, די גאנצע בענקשאפט נאך גליק, די גאנצע קאמף־ענערגיע פון דעם באוואוסטזיניקן פּראלעטאריאט, ווייל ספּארטאקוס, — דאס איז דער טייטש: סאציאליזם און וועלט־רעוואלוציע.

דער ליידן־וועג פון'ם דייטשן ארבעטער־קלאס איז נאך ניט פארענדיקט — אבער דער טאג פון זיין דערלייזונג קומט . . . די כוואליעס פון די געשעענישן שלאגן ביז צום הימל. מיר זיינען געוואוינט אראפּגעשליידערט צו ווערן פון דער הייך אין די טיפענישן אריין, אבער אונזער שיף האלט זיין קורס גראַד, פעסט און שטאלץ — צום ציל!

**און צי וועלן מיר נאך לעבן דעמאלט . . .** לעבן וועט אונזער פּראגראם; זי וועט געוועלטיקן איבער דער דער־לייזטער מענטשהייט, **וואס עס זאל ניט זיין!**

אונטער דעם דונער פון דער עקאנאמישער קאטאסטראפע וועלן אויך אויפוואכן די **שלאפנדיקע** פּראלעטארישע מחנות ווי בא די שופרות פון'ם יום הדין, ס'וועלן אויפשטיין די טויטע קער־פּערס פון **אונזערע געהרגעטע קעמפער און פאדערן** בא די פארשאלטענע נקמה.

היינט איז עס נאך א וואולקאן אונטער דער ערד — מארגן וועט עס אויסברעכן און זיי אלעמען באגראבן אין די גליענדיקע שטראמען פון אש און לאווע."

**בערלין־שארלאָטענבורג** **א. ווילענטשוק.**
פעברואר 1921

214

# באמערקטע גרייזן

ז׳ 17, שורה 8 פון אונטן — דארף זיין: ווען איך וועל און צי וועל איך...

ז׳ 32, שורה 9 פון אויבן — דארף זיין: דעם פאדערשטן...

ז׳ 64, די באמערקונג איז שייך צו דער שורה 17 פון אויבן — צום ווארט: מאדעל...

ז׳ 70, שורה 11 פון אונטן — דארף זיין: הויערסט דארטן...

ז׳ 95, שורה 3 פון אונטן — דארף זיין: פון „וואס איר ווילט נאר״...

ז׳ 96, שורה 7 פון אויבן — דארף זיין: איך נעם זיך צו דעם...

ז׳ 96, אין דער באמערקונג *** דארף זיין: אזא טרויעריקע מעשה...

ז׳ 103, די לעצטע שורה פון דער באמערקונג — דארף זיין: טרייסט מיינס...

ז׳ 114, שורה 7 פון אונטן — דארף זיין ניט: תכיף, נאר: תקיף.

ז׳ 148 און 150 — דארף זיין: vitiosus

ז׳ 153 — דארף זיין ניט: Zugrunde, נאר: zugrunde

ז׳ 159 (אין דער אנמערקונג) שורה 3 פון אונטן דארף זיין ניט: די „אינטעליגענץ״, נאר: די אינטעליגענץ.

וועלט־פארלאג / בערלין

גוסטאוו לאנדויער׳ס

## אויפרוף צום סאציאליזם

איבערזעצונג און אריינפיר אין
גוסטאוו לאנדויערס לעבן
און שאפן, פון הערמאן פראנק.
מיט גוסטאוו לאנדויערס בילד.

דער מארטירער פון דער דייטשער רעוואַ־
לוציע רופט דא מיטן קול פונם נביא
צום אמת׳ן, צום לעבעדיגן סאציאליזם.

## ראזא לוקסעמבורג, בריוו

מיט ראזא לוקסעמבורגס א בילד.
איבערגעזעצט פון א. ווילענטשוק.

אין די שווערסטע צייטן פון דער מלחמה האט ראזא לוקסעמבורג געשריבן
די דאזיגע בריוו צו סאניע ליבקנעכט — קארל ליבקנעכטס ווייב.
ס׳לייכט פון זיי ארויס א ווארעמע נשמה, וואס זעט נאר די ליידן פון
אנדערע און איז פול מיט רחמנות צו אלע באשעפענישן.

WELT-VERLAG / BERLIN N.W.7

וועלט־פארלאג / בערלין.

מאקס בראד:

# טיקא בראהעס וועג צו גאט, א ראמאן.

ס'ווערן צוגעגרייט צום דרוק:

אנרי בארביס:

# קלארקייט (Clarte) ראמאן.

פ. מ. דאסטאיעווסקי:

# די ברידער קאראמאזאוו 4 בענדער.

WELT-VERLAG / BERLIN N. W. 7